יאַנוש קאָרטשאַק.

# מיניאַטורען.

איבערזעצט פון פוילישען

ל. גאָלדבערג.

מיט א פאָררעדע

פון בעל־מחשבות.

וואַרשא, תרע"ד.

פערלאג „אוניווערזאל".

# פאָרערעדע.

ד״ר העגריק גאָלדשמיד, בעקאַנט אין דער פּוילישער ליטעראַטור אונטערן פּסעוודאָנים יאַנוש קאָרטשאַק, מאַכט אַן אײַנגעאַרטיגען אײַנדרוק אויפ׳ן לעזער. דורכלייענענדיג זיינע אַ קליינע סקיצע אָדער אַ לירישע שטימונגס־בילד, בעקומט דער לעזער אַ פיעל־פאַכען אײַנדרוק. ערשטענס, בעוואונדערט דער לעזער די מאַניער, ווי קאָרטשאַק דערצעהלט זיין מעשה׳לע. די מאַניער איז אַזאַ וואַרימע, אינטימע, אַז עס דוכט זיך אוים דעם לעזער, דאָס דער פּראָפעסער רעדט מיט איהם, ווי מיט אַ נאָהענטען פריינד, אָדער אַן׳אַלטען בעקאַנטען.

וויפיעל צוטרוילכקייט און אָפענהערציגקייט געפינט דער לעזער, למשל, אין די עטליכע זאַכען, וואָס געפינען זיך אין דעם דאָזיגען ביכעל, וואָס ליעגט איצט פאַר זיינע אויגען. לאָמיר נעהמען, צ. ב., זיין שטימונגס־בילד „אַ פריהלינגס־ליעד״. צי פיהלט נישט דער לעזער, אַז אַ צוועהטאָגט האַרץ ניסט אוים זיינע צאַרטע לירישע געפיהלען, זיך אָנלעהנענדיג אָן איהם, ווי אָן דער ברוסט פון אַ טרייען פריינד?

צווייטענס, צייכענט זיך אוים יאַנוש קאָרטשאַק מיט אַ ביטערען הומאָר, וואָס נעהמט זיך פון אַ ליידענד געמיט. קאָרטשאַק האָט טיעף אַריינגעקוקט הינטער די קוליסען פון לעבען. שוין פון די וועניגע לירישע און רעאַליסטישע זאַכען, וואָס דער לעזער געפינט אין דעם ביכעל פון דער „אוניווערסאַל־ביבליאָטעק״, קאָן מען זעהן, ווי ברייט איז דער בליק פון פּראָפעסער און ווי

שטאַרק איז דאָס רחמנות-געפיהל פון יאַנוש קאָרטשאַק צו די ליי-דענדע און צו די גייסטיג- און מאַטעריעל-אָרימע מענשען, ביי וועמען עס פערגעהען די יאָהרען אין ליידען און טעמפּער אונוויסענ-הייט.

די סקיצען פון ביכעל „צו וואָס?“ און „פּראַנעק“, וואָס זענען אויפגעשריבען מיט אַזא ביטערען הומאָר, זענען צוגלייך גע-שריבען מיט בלוט פון האַרצען. אין זיי בעקלאָגט זיך אַ פּאָעט דערויף, וואָס מענשען, אויך די געבילדעטע כלומר׳שט, זענען אַזוי אונוויסענד, אַזוי טעמפּ, אַזוי פיל צו קלערען אַ ווײלע ווענען דעם, וואָס איז אַזוי וויכטיג און וואָס געהט פאַרביי פאַר זייערע אויגען, ווי אַ שאָטען, אָהן אַ שום רושם. אין דער סקיצע „אַ שטעלע“ צייגט אונז קאָרטשאַק אויף אַ משונה׳דיגער הומאָריסטישער וויזע, ווי דער היינטיגער געבילדעטער מענש, וואָס איז בטבע גאָר נישט אַזוי שלעכט, איז נור דאַמאָלסט פעהיג אויף עפּעס נוטס, ווען מען רודערט אויף זיין געמיט מיט אַ שטאַרקען פויקענדיגען עפעקט. דעם אייגענעם געדאַנק געפינט אויך דער לעזער אין „קלאָאון“ און אין אַנדערע סקיצען פון פערפאַסער.

דריטענס, טראָגט זיך פון יאַנוש קאָרטשאַקס פעדער אַ טע-פע מענשענליעבע, וועלכע שעפּט איהר גלויבען אין אַ בעסע-רע מענשליכע צוקונפט פון אַ קלאָרען סאָציאַלען אידעאַל. דער לעזער פיהלט, אַז יאַנוש קאָרטשאַק שרייבט זיינע זאַכען ניט אָהן אַ בעשטימטער מענדענץ. ער איז נישט דער אונבעוואוסטזיניגער פּאָעט, וואָס „זינגט, ווי דער פויגעל, אָהן שום כונות“. ער וויל די מענשען בעסערן, העלפען, לייטערן, דערהויבען צו דעם געדאַנק, אַז אונזער געזעלשאַפטליכע אָרדנונג איז שטאַרק נישט פולקומען, און אַז מען מוז שטרעבען צו אַ נערעכטערע, בעסערע געזעלשאַפטליכע צוקונפט. אין טאַקי דערפון נעהמט זיך ביי איהם דער ביטערער הומאָר, ווען ער קריטיקירט אונזער היינטיג סאָציאַל לעבען. אָט דעריבער טאַקי נעהט ער נישט פאַרביי

גלייכגילטיג פאַר קיין ערשיינונג פון אונזער געזעלשאַפטליכען לעבען, מעג זיך עס בעציהען אויף אַ „מיידעל אין שרובים", אָדער אַ גנב, אָדער אַ הויזבעזיצער, אָדער אַ ממזר פראַנעק, וואָס האַקסט אויס פאַר אונזערע אויגען און וואָס ווערט צוליעב אונזער שולד אַ צוקינפטיגער פערברעכער.

און דערום ווירקט יאַנוש קאָרטשאַק'ס ביכעל אויף אונז, חוץ דער ליטעראַרישקייט, מיט נאָך עפּיס אַנדערש. דער לעזער פיהלט, אַז עס רעדט מיט איהם עפּעס אַ פעדאַגאָג, אַ מדריך, אַ רעפאָרמאַטאָר, וואָס וויל איינפלאַנצען אין איהם אַ פיינדשאַפט צום דער רשעות און אַכזריות פון היינטיגען סאָציאַלען לעבען און וועקען אין איהם אַ חשק צו טראַכטען, אַנאַליזירען און זיך צו בעקלערען וועגען זיין שטעלונג אין דער היינטיגער מענשליכער געזעלשאַפט.

יאַנוש קאָרטשאַק איז דער ערשטער פאָלקס-שריפטשטעלער, וואָס זיין כונה איז נישט נור צו אַמוזירען, נאָר הויפּטזעכליך אויפצוקלערען, צו וועקען ביים לעזער דעם פיהלען מח, צווינגען איהם זיך טיעפער צו בעטראַכטען און נישט פאַרבייצוגעהן אַזוי טעמפ פארביי די ווילטינסטע טאָג-טעגליכע ערשיינונגען פון אונזער געזעלשאַפטליכען לעבען. אַלס מוסטער פון אַזאַ ערציהערישער טענדענץ זאָל דער לעזער בעטראַכטען די סקיצע „חאַטש פליין פאַר געלעכטער" און מאַנכע אַנדערע.

ד"ר הענריק גאָלדשמיד איז געבאָרען געוואָרען אין יאָהר 1880. חאָטש ער שטאַמט פון אַ יודיש-פוילישע הויז, האָט ער זיין גאַנצע יוגענד פערבראַכט אין אַ פויליש-קאַטוילישער סביבה; שוין אַלס סטודענט האָט ער זיך שטאַרק פעראינטערעסירט מיט די אָרימע נידעריגע קלאַסען פון פוילישען פאָלק און אלע וייערע שאַטירונגען. אַלס פערקליידעטער שילדען-מאָלער פלעגט ער פערברענגען גאַנצע וואָכען אין די אַרבייטער-הייזער, שענקען און טראַקטירען, וואו עס קומט זיך צונויף „די מיסט פון דער געזעלשאַפט" — אַלערליי פערברעכער-טיפען און גנבים.

זיינע ביכער „קאָשאַלקי אָפּאַלקי", „דאָס סאַלאָן-קינד", װאָס האָבען אַריינגעבראַכט אין דער פּױלישער ליטעראַטור אַ נייעם איינגענאַרטיגען טאָן, האָבען איהם געמאַכט זעהר פּאָפּולער, בעזונדערס ביי די לעזער, װאָס זענען דורכגעדרונגען מיט אמת'ע דעמאָקראַטישע געפיהלען.

דורך אַ צופאַל האָט ער זיך שפּעטער בעקענט מיט'ן יודישען פאָלקס-טיפּ און מיט'ן יודישען קינד. אַלס סטודענט פון מעדיצין האָט ער איינמאָל בעגלייט אַ חברה אָרימע יודישע קינדער, װאָס זענען אַ דאַנק װאָהלטעטיגע מענשען אַרויסגעשיקט געװאָרען אין אַ זומער-קאָלאָניע. פון דער צייט אָן הויבט זיך אָן קאָרטשאַק צו אינטערעסירען מיט זיינע איינענע ברידער. צװישען זיינע בעסטע ליטעראַרישע זאַכען רעכענט זיך זיין ערצעהלונג „יאָסל און סרול".

ד"ר גאָלדשמיד איז אַ צייט לאַנג געװעזען דער דאָקטאָר פון בערסאָנ'ס װאַרשאָװער קינדער-שפּיטאַל, אין איצט איז ער דער דירעקטאָר פון דער חברה „עזרת-יתומים" אין װאַרשאָ, װאו ער גיט אָב זיין גאַנצע צייט און אַלע זיינע קענטניסען דעם יודישען יתום.

אין װאַרשאָװער כלל'ישען לעבען איז ד"ר גאָלדשמיד איינע פון די ליכטיגסטע פיגורען. ער איז צוגלייך אַ גוטער קינדער-ארצט, אַנ'איבערגעגעבענער קינדער-פריינד אין אַ טאַלענטפולער פּױליש-יודישער דיכטער, װאָס איז דורכגעדרונגען מיט די האַרציגסטע דעמאָקראַטיש'ע געפיהלען.

בעל-מחשבות.

# דער קלאָאון.

---

אַ גאַנצע װאָך צײט האָבען שרײענדע אַפ׳יזען געמאָלדען װעגען אַ אונגעװעהנליכען אױפטריט פון אַ קלאָאון, דעם ליעבּ־לינג פון דער הױפּט־שטאָדט, דעם אײנציגען אין זײן אַרט.

מאַגנאַטען, הוליאַקעס, קאַרגע, בעאַמטע, זשורנאַליסטען, אַרטיסטען, אַרבּײטער און לעדינ־געהער, בעלי־מדות און שאַר־לאַטאַנעס, זײערע פרױען און געליעבטע, גאַנץ פּאַריז האָט זיך אױפגעקליבען אין צירק—אַ געװימעל פון קעפּ, היט מיט פעדערן, סונדירען, מאַנטלען און לאָרנעטקעס.

עס זענען פערנומען געװען די לאָזשעס, שטוהלען, בײ׳ע שטאָקען גאַלעריע, דער גאַנצער אַמפ׳טעאַטער, פון דער אַרענע ביז אין דער הױך, קרײזענװײז אַזש ביז׳ן סופיט.

די פּראָגראַם האָט זיך שנעל געגעהנטערט צום סוף.

אַ אַנטראַקט. אַ דרעסירט פערד. אַ קלױנג... אַנ׳אַטלעט.

אַ גימנאַסטיקער. װידער אַ פּױזע... אַ קלױנג... אַ טומעל. שטיל.

עס געהט אַרױס דער ערװאַרטעטער. אױפ׳ן זאַמד פון דער אַרענע טהוט ער אַ װאָרף אַ װײס שטיק טעפּיך. זעצט זיך, אינ׳ם קלאָאון־אָנטהון, די עלענבױגענס אױף די קניע אָנגעשפּאַרט, דעם קאָפּ אין די הענד—און איז פערשטײנערט געװאָרען.

עמיצער האָט דער ערשטער אַ קלאַפּ געטהון אין די הענד. עמיצער אַ צװײטער האָט אַ פּאַטש געטהי׳ן, עמיצער אַ דרי־טער, אַ נײנטער, אַ צעהנטער, און אַלע האָבען אָנגעהױבען קלאַ־פען בראַװאָ, עס האָט זיך אָבגעריסען אַ שטורם פון בראַװאָ־געקלאַ־פּערײ און אױסרוף־געשרײען.

דער קלאָאון איז געזעסען אײנגעבױגען, אונבעװעגליך אױפ׳ן טעפּיך פון דער אַרענע, דעם קאָפּ אױף די הענד אָנגע־

שפּאַרט, און נישט ער וואונדערט זיך, נישט ער דאנקט—ער איז פערשטאָרבען א פערטראַכטער.

איינגעשווינגען זענען אויך זיי: די מאַנגאַטען, הוליאַ-קעס, גראָשען-קלייבערס און זשורנאַליסטען, פרומע און אויס-געלאַסאַנע, ווייערע פרויען, טעכטער און געליעבטע — זענען אַנטשווינען און וואַרטען.

זיי וואַרטען.

זיי האָבען אָנגעהויבען אונרוהיג ווערען, פריהער אין זיך, דערנאָך אין שטילען גערויש, דערנאָך העכער און העכער, רופענדיג, זידלענדיג און בעפעהלענדיג.

זיי האַקען מיט די שטעקענס אין פּאָדלאָגע, קלאַפּען מיט די לאָרנעטקעס אָן באַריער, טופּען מיט די פיס און שרייען.

דער קלאָאון האָט זיך אויפגעהויבען.

שטיל.

אויסנענגלייכט זיך, די הענד אויף הינטען פערלענט און קוקט אויף די צושויער: אויף די פרומע און אויסגעלאַסענע, ווייערע פרויען און געליעבטע. דער קלאָאון פיהרט מיט די שוואַר-צע אוינען—קאַלט און פעסט—קוקט אויף די, וואָס אין די פּאַרטער-לאָזשעס, דרעהט זיך לאַנגזאַם אום און קוקט אויף יעדען בעזונדער, דערנאָך אויף די, וואָס זיצען האַלב-רונד אויף די שטוהלען, אַ רייה נאָך אַ רייה, דערנאָך אויף די, וואָס העכער און העכער, אויף אַלע אָרענטליכע און טויגעניכטסען, כסדר אויף יעדען בעזונדער—וואָס אַ מאָל אַלץ העכער, ביז'ן סאַמע סופים.

און האָט אָנגעהויבען לאַכען.

געלאַכט האָט ער מיט אַמאָל הויך און העל, מיט אַ לאַנגען, צוצוינענעם געלעכטער. דערנאָך שטילער, פער-שטיקט, איינגעהאַלטען. דערנאָך מיט'ן פולען האַלז אַרויסגע-וואָרפען אַ גאַנצען וואַסער-פאַל גיפטיגען געלעכטער. דאָ האָט ער מיט אַ איינצעלנעם טאָן געשאָסען, דאָ אין קליינגענדע אַקאָרדען פערשוואומען.

עס האָט זיך צולאַכט דער ערשטער, דער צווייטער, דער ניינטער, דער צעהנטער, און אַלע גראָשען-קלייבערס און

פרויען, שאַרלאַטאַנעס און ברויערי־אייגענטימער, און אַקטאָרען, און מאַלערס, און בעאַמטע, לאַקעען און דער דירעקטאָר פון צירק אַליין, אַלע לאַכען צוזאַמען מיט'ן קלאָאון.

און ער קייקעלט זיך פון געלעכטער, טרייסעלט מיט'ן קאָפּ, בוינט אויס די הענד, לויפט און דרעהט זיך אַרום אין אַ ראָד, קלאַפּט זיך אין שטערן, אין די פלייצעס, פּאַטשט זיך איבער'ן בויך, זעצט זיך צו, בוינט זיך איין, שפּרינגט אונטער, פאַלט אויפ'ן טעפּיך, קייקעלט זיך, רייסט זיך אָב, אום דער־נאָך ווידער צו פאַלען, וויקעלט זיך פון געלעכטער, קווישעט, זערט משוגע.

וואונדערליך! אונפערגלייכליך!

די בדאַוואָ־געקלאַפּערײ מישט זיך מיט פרייד־אויכגע־שרייען, דער טומעל וואַקסט, ברעכט אויס און ווערט שטילער, רייסט זיך, ווי אַ שטורם, אָב און שלאָגט זיך אָן אָן די ווענד, פאַלט און הויבט זיך, רייסט, שטיקט, קאַליעטשעט...

און דער קלאָאון ווערט נייע טענער אריין אין געלעכטער, עפּיס ווילדע, אונבעקאַנטע, אונאַנגענעהמע.

דער המון קוקט אָהן לאַרנעטקעס, די ברעמען אין דער הויך אויפגעהויבען, און הערט זיך צו.

און איין קרעכץ האָט אַ פייף געטהון אין קלאָאונ'ס געלעכטער. און אַליין האָט ער זיך פערוואונדערט, אויפגע־הויבען זיך, איינגעהערט. און לאַכט ווידער, אָבער אַלע שווײ־גען. און ער לאַכט ווייטער, אָבער נור איינער אַליין.

מיט אַ בליצען־בליק האָט ער אַ פערוואונדערטער די צו־שויער אַרומגענומען: די מאַגנאַטען, הוליאַקעס, נראָשען־קלײ־בערס, זשורנאַליסטען, בעאַמטע און אַרטיסטען, אַרבייטער און לעדינ־געהער, שאַרלאַטאַנעס און אָרענטליכע, קאָרגע און נאַ־ראָנים, און פוילע, און לעבערליכע, און אונגליקליכע, און סוחרים, און נוט־ערצוינענע, זייערע פרויען, טעכטער און געליעבטע.

און זיך צווײנט.

און אַלע האָבען טרעהרען געזעהן.

און דער קלאָאון האָט געוויינט מיט אַ קלאָג, דערנאָך

מיט מורא, און דערנאָך מיט מיטגעפיהל, און דערנאָך מיט כעס, און דערנאָך מיט רחמנות.

מינוטענווייז האָט עס מיט געלעכטער דאָס געוויין גע־בראָכען, אָבער באַלד שוין ווידער געוויינט.

עמיצער דער ערשטער האָט טרעהרען דערפיהלט אונ־טער די וויקעס, האָט זיך פערשעהמט און צו דר'ערד געקוקט. עמיצער אַ צווייטער האָט אין די ווינקלען אויגען טרעהרען דער־שפירט. עמיצער אַ דריטער האָט געפיהלט, אַז קאַלטע טראָפּענס רינען איבער די הייסע באַקען, עמיצער אַ פערטער, אַ אַכטער, אַ צוואַנ־ציגסטער.

און דער קלאָאון האָט געוויינט, פערפיהרט.

ער האָט פון קעשענע אַרויסגענומען אַ טיכעל אין קעסטע־לעך, ווישט די אויגען, הליפעט, וויינט אַלץ העכער, קרעכצט, טרייסעלט זיך, שמיעדט צו, דאָס מויל אויסגעקרימט, קעמפּפט מיט'ן וועהטאָג און פלאַצט ענדליך אויס.

ער פאַלט אויפ'ן אָרענע־טעפּיך, קייקעלט זיך, ווי־קעלט זיך, קווישעט,—אַלע וועהטאָגליכע טענער פון אַלע חיות און קעניג־מענש אַרויסגע'גנב'עט.

און קיינער פונ'ם המון האָט זיך איצט שוין נישט גע־שעהמט: נישט די ציגאַרען־פאַבריקאַנטען, נישט אַקציאָנערען פון בוראַקעס־פּלאַנטאַציעס, נישט זשורנאַליסטען, נישט אַגענ־טען פון דער אויספאָרשונגס־פּאָליצי", נישט באַנקירען, נישט בעפאָלמעכטיגטע פון קאָמיסיאָנס־ביוראָ'ס, נישט קאַסירען, בע־אַמטע, לעהרערס, אדוואָקאַטען, העמיקער, נישט די אונטער־נעהמער פון שטאָדט־אַרבייט, נישט קאָמאָרניקעס, נישט די פרוי־מע, נישט די גאָרנישטען, און נישט זייערע טעכטער, געליעבטע, פרויען, שווינערס און קווינקעס.

אַלע האָבען געוויינט העכער אָדער שטילער, אָדער נאָר אויפ'ן קול, אײנינע פרויען פון די לאָזשעס, שטוהלען און אַמפיטעאַטער האָבען אין ספּאַזמעס געצאַפּעלט, אין אַפילו גע־חלש'ט.

קיינער האָט רעכט נישט געוואוסט, פאַרוואָס האָט ער, ווען דער קלאָאון האָט זיך בעוויזען, איהם בראַוואָ געקלאַפּט,

פאַרוואָס וואָט ער איהם נאָכהער געווידעלט, פאַרוואָס האָט ער געלאַכט ביז'ן פּלאַצען, און איצט וויינט ער. גלייך אַזוי, ווי דער קאָמאָרניק האָט נישט געוואוסט, פאַרוואָס ער איז אַ קאָמאָרניק, דער העמיקער, פאַרוואָס ער איז אַ העמיקער, דער טוינעניכטס, פאַרוואָס ער איז אַ טויגעניכטס.

און צום ערשטען מאָל האָבען זיך אָן ס'פּיט פון צירק אָנגעקלאַפּט געוויינען.

ביז דער קלאָאון איז איינגעשווינען. די טרעהרען אָבגעווישט. אויפגעשטאַנען. אויסגעגלייכט זיך אין'ם לעבעדיגען אָנטהון פון אַ צירק-קלאָאון, און געוואַרט.

און דאָס געוויין פון פובליקום איז איינגעשוויגענער, שטילער, קלענער געוואָרען.

און ווידער האָט דער קלאָאון אַרומגענומען זיי אַלעמען מיט אַ פעראַכטענדען בליק פון אַ זיעגער, און האָט צווישען דער גרויסער שטילקייט אַ זאָג געטהון:

— און אפשר בין איך געבאָרען געוואָרען, אום צו זיין נאַפּאָלעאָן דער ערשטער?

אין דערזעלבער מינוט האָבען אַלע פערשטאַנען, און ס'איז זיי פּאַסקודנע געוואָרען אויפ'ן האַרצען. ווילט איהר דאָך זיכער וויסען, וואָס אַלע האָבען פערשטאַנען?

אָט, אַז זיי זענען געבאָרען געוואָרען אויף צו זיין עפּיס מעהר, ווי זיי זענען. אַפילו מענשען זעהר פערמעגליכע, אַפילו גוט-ערצויגענע, אַפילו הויכגעשטעלטע, אַפילו זעהר סאָלידע, אַפילו אַזוינע, וואָס עסען אָסטערן, אַפילו די פרויען און טעכטער פון זעהר געשעצטע מענער און פאָטערס, אַפילו די זשורנאַליסטען און געליעבטע פון מיליאָנערען, אַפילו פּראָקורענטען און פרומע, און אַפילו הולטייעס—איהר פערשטעהט?—אַלעמען, וואָס האָבען זיך צונויפגעקליבען אין'ם מיט ליכט בענאָסענעם צירק, אַלעמען אָהן אַ אויסנאַהם, איז אויפ'ן זין געקומען, אַז זיי זענען געבאָרען געוואָרען עפּיס אַנדערש, ווי זיי זענען, עפּיס העכערס, ווי זיי זענען—צו זיין.

אפשר איז זיי אַפילו אויפ'ן זין אַרויף, אַז זיי זענען געבאָרען געוואָרען, אום צו זיין ווירקליכע מענשען, אַזעל-

כע, ווי זיי האָבען געקאָנט, אָבער זיי קאָנען שוין נישט. אַזוינע, ווי איך און פיעל אַנדערע טראַכטען געווים אין די מאָמענטען פון נאַרישען זעלבסט-אַנאַליז. נאָר אַז עס זאָל אַזוי זיכער זיין, קאָן איך נישט זאָגען.

גענוג איז, אַז אַלעמען איז זעהר פאַסקודנע געוואָרען אויפ'ן האַרצען, ווען דער קלאָון האָט עס זיי געזאָגט.

און זיי זענען אַלע אַוועק פון צירק אַהיים און האָבען נאַרישע חלומות געהאַט, אָבער אויף מאָרגען איז שוין אַלץ ווי־דער גוט געווען.

# אַ מיידעל אין שׁדוכים.

---

אויב עמיצער האָט שוין נישט קיין מזל, האָט ער עס שוין קיינמאָל אין ערגעץ נישט.

אויב עמיצער האָט שוין נישט קיין מזל, האָט ער עס שוין ניט נישט בייטאָג, נישט ביינאַכט, נישט אפילו אין זיין איינען בעט.

יאָ... יאָ...

אָט, חלומ'ט זיך מיר אַ חלום. נישט איך האָב איהם געבעטען, ער זאָל זיך מיר חלומ'ען, נישט גאָרנישט. און וואָלט עס חאָטש געווען עפּיס אַ אָנגענעהמער חלום, צי וואָס...

און נע'חלומ'ט האָט זיך מיר, אַז איך געה ארויס פון שטוב.

— וואוהין געהסטו? — פרעגט די מאַמעשי.

— אויפ'ן שפּאַציער — ענטפער איך.

— וואָס הייסט? איצט-אָ? — פרעגט די מאַמעשי — אָהן דער דיע? ? — פרעגט די מאַמעשי.

— וואָס הייסט: אָהן אַ דיענסט? וואָס זאָל עס בע-דייטען? — וואונדער איך זיך אונגעוועהנליך.

— קינד מיינס, — זאָגט די מאַמעשי — פערגעס נישט, אַז דו ביסט אַ מיידעל אין שדוכים, און מענשען קאָנען דיך נאָך נעהמען אין די מיילער אַריין.

— ווער האָט דאָס מיך ווייטער צו נעהמען אין די מיילער אַריין? ווער איז אַ מיידעל אין שדוכים? — וואַקסט מיין ערשטוינונג.

— דו... דו ביסט אַ מיידעל אין שדוכים.

— איך?

— דו!

איך קוק מיך אַרום אויף זיך, און אַ קאַלטער שווייס טרעט מיר אַרויס אויפ׳ן שטערן. איך זעה, אַז איך בין אָנגעטהון אין אַ קלייד ביז צו דער ערד. כ׳וויל אָבּאַטהעמען: דריקט מיך דער גאָרסעט. כ׳וויל מיך צוריהרען מיט׳ן האַנד צום שטערן: די פינגער פּלאָנטערן זיך מיר אין דער נושיבע. וואָס פאַר אַ שוואַרץ יאָהר?

— איך וויל נישט זיין קיין מיידעל אין שדולים!—שריי איך, האַלב וויינענדיג.

— פערפאַלען—זאָגט די מאַמעשי.

— אָבער, מאַמעשי, די מאַמעשי פערשטעהט דאָך, אַז דאָס האָט נישט אַפילו דעם מינדעסטען זין.

— קינד מיינס, איך וואָלט אַליין בעסער געוואָלט, עס זאָל אַנדערש זיין.

— אָבער איך קאָן דאָך דערויף אין קיין פאַל נישט איינ־שטימען.

די מאַמעשי מאַכט מיט דער האַנד עפּ׳ס אַ אונבעשלאָסע־נע בעוועגונג פון אונטערגעבען זיך, אָדער אַז עס איז ש׳ין אַ פערפאַלענע זאַך, און זאָגט:

די פליכטען פון אַ פרוי זענען הויך און ערהאַבען.

— דאָס אַלץ איז זעהר שען, אָבער מיך געהט עס גאָר־נישט, אָבער גאָרנישט אָן.

— דו וועסט זיך צוגעוועהנען, טייער קינד מיינס, א ן איך ווייס, אַז דו וועסט מיר קיין חרפות נישט אָנטהון און וועסט מיך אין דר׳ערד נישט טרייבען מיט דיין אויפפיהרונג. און א׳צט ערלויב איך דיר אַרויסגעהן אויף אַ האַלבע שעה, ביז עס וועט טונקעל ווערען. מאַריאַנע! געה מיט דער פריילין שפּאַצירען.

מאַריאַנע וואַרפט אַרויף א׳ף זיך אַ טוך און מיט אַ גאַנ־צען פּלאָנטער פערשיעדענע געדאַנקען אין קאָפּ בין איך אַרויס אויף די טרעפ.

אויף אַ האַלבען שטאָק האָב איך אָנגעהאַפּט מאַריאַ־נע׳ן אין דער העלפט און האָב זי אַ קוש געטהון אין פּיסקעל.

— וואָס טהוט די פריילין?—וואונדערט זיך מאַריאַנע.

און איך האָב אַראָבגעלאָזט די וואוּאַלקע אויף די

אוינען, ווייל איך האָב נישט געוואָלט, זי זאָל זעהן, אַז איך וויין: „איז עס, הייסט עס, טאַקי אמת? בין איך... איך... איך... איך... הייסט עס, טאַקי אַ מיידעל אין שדולים?"

דאָס איז דאָך שרעקליך! דאָס איז דאָך נחאַלדיג! דאָס איז דאָך אַ מערדעריי!

מיר געהען אַרויס אויפ'ן גאַס.

די מענער זענען גאַנץ אינטערעסאַנט. אָט, יענער, צום ביישפּיעל, וואָס איז דורכגעגאַנגען. איך קוק מיך אום, ער אויך. ער נעהט אונז נאָך.

— מאַריאַנע,—זאָג איך בעאונרוהיגט—וואָס וועט עס זיין, אַז ער וועט אונז פערטשעפּען? וועלען מיר דאָך זיין פערפאַלענע!

— האָט מען זיך נישט בעדאַרפט אומקוקען—זאָגט דאָס מיידעל.

מיר לויפען דורך די גאַס, פאַלען אַריין אין טויער, אין שטוב, צו דער מאַמעשי.

— וואָס איז געשעהן?

— עפּיס אַ פאַצעט האָט אונז געוואָלט פערטשעפּען.

— מיין טייער קינד, ווי אַזוי רעדסטו עס עפּ׳ס. ווער האָט עס געזעהן, מ׳זאָל זאָגען: פאַצעט. מ׳זאָגט: אַ טויגע-ניכטס;

— אָ, יאָ. אַ טויגעניכטס!

— ווייל די פריילין האָט זיך אויף איהם אומגעקוקט.— זאָגט מאַריאַנע.

— קינד מיינס,—האָט די מאַמעשי פערבראָכען מיט די הענד—ווי נישט בעדאַכטזאַם דו ביסט; וואָלסט געווען אַ פער-לאָרענע.

— פערלאָרען אויף אייביג!—זאָג איך.

— נישט אומצוקעהרען.

— נישט אָבצורופען—ניב איך צו.

— אַרויסגעהן וועסטו נור מיט מיר.

— אָ, יאָ. מיט דיר, מיין טייערסטע.

— מאָרגען פריה געהען מיר צו דער מוהמע וואַנע און צו ד"ר שניידערקע.

— צו דער שניידערקע?

— נו יאָ, ביסט דאָך עפּיס אַ מיידעל אין שרוּלים.

— אָך, יאָ... יאָ... אמת.

און אויף צומאָרגענס בין איך געוועזן פאַר מיטאָג מיט דער מאַמעשי בײַ דער שניידערין און בײַ דער מוהמע וואַנע.

און עס האָבען זיך אָנגעהויבען פּלאָנען, וואָס איהר, מענער האָט וועגען זײַ נישט די מינדעסטע פאָרשטעלונג.

איך האָב נישט געטאָרט זאָגען נישט: „צו אלדי טײַוועל", נישט: „זאָל מיר די מאַמע נישט פערדרעהען קײַן קאָפּ", נישט: „אַקושערקע", נישט: „פּשיבישעווסקי", נישט: „ליעבע", נישט גאָרנישט... גאָרנישט...

און איך האָב נישט געטאָרט נישט שמייכלען, נישט זיך גריסען, נישט אַרויסגעהן אויפ'ן גאַס, נישט פערטשעפּען עמיצען, נישט געהן אין צוקערניע אויף ציטונגען, נישט אויפ'ן ביליאַרד, נו, מיט איין וואָרט, גאָרנישט... גאָרנישט...

איך האָב נישט געטאָרט רעדען מיט קײַן מענשען, ווײַל די מאַמעשי האָט מיר געגעבען אַ פּאָאַר חבר'טאָרינס, מיט וועלכע איך האָב געמענט פגר'ן פון לאַנגווײַליגקײט, אָדער, ווי די מאַמעשי האָט געזאָגט: לעבען.

איך האָב געמוזט געהן אין פילהאַרמאָניע אויף די קאָנ-צערטען און זונטאָג אויפ'ן שפּאַציער אין די אַלעען, און האַלטען די אויגען אַראָבגעלאָזען און רויטלען זיך, און טראָגען ענגע שיך, און שפּיעלען אויפ'ן פאָרטעפּיאַן, און לייענען פראַנצויזיש און געהן צו דער שניידערין—און קײַן איין-איינציג שנעפּסעל אין באַר אַמעריקאַנסקי. נו, האָטש שרײַ גוואַלד!

און איך בין געגאַנגען צו די מוהמעס און איך בין געווען אַזוי בעשיידען, אז די קישקעס פלעגען זיך מיר אַוש ציטענדיג פערדרעהען. איהר, מענער, האָט נישט די מינדעסטע פאָרשטע-לונג, וואָס דאָס איז פאַר מיר אַזוינס געווען—אָט דאָס געהן צו די מוהמעס—און קײַן איין איינציגע פּאַרטיע אין ווינט—און קײַן איין-איינציגען ביליאַרד און קײַן איין-איינציג שנעפּסעל.

און די מאַמעשי זאָגט:

„דאָס פּנים".

איהר הייסט נישט, וואָס איז אוּנז „דאָס פּנים". ניי־ין, דאָס איז עפּוואָס שרעקליכעס!

די הויט, דער נאָז, די אויגען, די אויערן, דאָס מויל, די הענד, די פיס, די האָהר, ווענען דעם אלעם טאקי האָט מען גערעדט ביי די מוהמעס.

— זעהסט היינט אויסגעצייכענט אויס. נעכטען האָסט גוט אויסגעזעהן. הלואי, דו זאָלסט מאָרגען גוט אויסזעהן. לאָמיר דיך אַ קוש טהון, ווי דו זעהסט היינט אויס.

און די ווייבער האָבען מיך געלעקט... געלעקט... געלעקט... און איבערגעפיהרט מיר דעם קאָליר פון פנים. מ'האָט מיך אַרומגעקוקט, פערריבט די האָהר, דעם סטאַניק, דעם פאַסעק, די אויגען, די נאָז, אַלץ.

און איך?

אויף דער וואָהר וואָלט ביי מיר געפלאַצט די געדולד. איך זאָג אייך גאַנץ אָפענהערציג און נישט איבערטרייבענדיג: עס וואָלט ביי מיר געפלאַצט דאָס געדולד, איך וואָלט צובייסען די מאַמעשי, די שניידערקע, די צורה, די מוהמעס, איך וואָלט אַלעמען צובייסען.

— מאַמעשי, — זאָג איך — וועל איך, צום טייוועל, שוין אַ גאַנץ לעבען זיין אַזוי?

— טייערסטע קינד מיינס, וועסט זיך צוגעוועהנען.

— אָבער איך קאָן זיך נישט צוגעוועהנען, איך וויל זיך נישט צוגעוועהנען. אויב די מאַמעשי האָט מיך געוואָלט האַלטען אין אַ שטייגעל, האָט מען מיך נישט געדאַרפט לעהרנען לייענען, אָדער מ'האָט מיר געדאַרפט געבען עפּיס אַזוינס, וואָס זאָל מיר פערנעהמען די צייט אין שטוב.

— טייערסטע קינד מיינס, האָסט אַ פּיאַנאָ.

— איך האָב פיינט מוזיק, איך שפּיי אויף מוזיק, איך וויל שפּיעלען אין ביליאַרד.

— קינד, וואָס רעדסטו?

— איך וויל טרינקען בראַנפען, רויכערן פּאַפּיראָסען.

פאָהרען אין אוניווערזיטעט, אָבשערען זיך די האָהר און האָבען א קינד.

די מאַמעשי האָט נישט געה'לש'ט.

איך זאָג דער מאַמעשי צו, אַז פון היינט אָן װעל איך אויף אַלע פראַגעס דער מוהמעס ענטפערן נור איין װאָרט: „אַקושערקע". און שוין.

די מאַמעשי האָט געה'לש'ט. איך האָב זיך פאַנאַנדער־געװיינט. די מאַמעשי האָט זיך אַ חאַפּ געטהון און אָנגעהויבען צו שרייען:

— דאָס פּנים!

און אָבגענאָסען מיט אַ קאַלטען שװייס פון קאָפּ ביז די פיס, האָב איך זיך אױפגעחאַפּט.

# אַ פריהלינגס־ליעד.

אין מענשענס נשמה איז פאַרהאַן אַיין זילבערנע סטרונע, וואָס בלויז אַיין מייסטער קאָן אויף איהר נור אַיין איינציג ליעד פון יאָהר צו יאָהר אויסשפּיעלען. דער מייסטער איז פריהלינג, דאָס ליעד איז די ליעבע...

איך בין געזעסען אויף אַ בענקעל אין די אַלעען און נאָ-קוקט אויף די ציטערנדע בלעטער־קעפּלעך, וואָס האָבען פריש, העל נעגרינט. איך האָב נעקוקט אויף דעם לייכטען שוועבען פון מענשען און פוינעל — און מיך איז בעפאַלען אַזאַ מילדקייט, אַז מיר האָט זיך געוואָלט צוקושען די פוינעלעך און די מענשען...

אפשר האָב איך עס נישט נענוג פּאָעטיש בעשריבען, ווייל דאָס איז נישט מיין ספּעציאַליטעט, אָבער יעדענפאַלס האָב איך נעפיהלט אַ גרויסע פריינדליכקייט צו אַלץ, וואָס לעבט און בעוועגט זיך אויף דער וועלט.

נעבען מיר, אויפ'ן באַנק, האָט זיך אַוועקגעזעצט אַ מענש מיט זעהר נישט קיין סימפּאַטישען אויסזעהן. אַ דיקער, מיט אַ תאוה'דיג פּנים, אָהן אַ שום נעדאַנק, שטאַרק סאַפּענדיג, מיט אויגען אָהן אַ אויסדריק.

און פּלוצלונג האָב איך דערפיהלט, אַז איך האָב איהם ליעב.

— מיין הערר, — האָב איך נעוואָלט — איך ווייס נישט, צי איהר וועט מיך פערשטעהן. אָט פּליסט די זון מיט וואַרימע שטראַהלען און די נאַטור וועקט זיך צום לעבען. און צוזאַמען מיט דעם נייעם לעבען האָט זיך אין מיין הארצען אַריינגע'ננב'עט די ליעבע. הערבסט־צייט וואָלט איך מיך אויף אייך נישט אומ-געקוקט, אָבער איצט־אַ האָב איך אייך ליעב. וואָס־זשע איז, אויף

איהר האָט אַפילו נישט קיין סימפּאַטישען אויסדרוק אויפ'ן פּנים; אויב איהר זענט נאַריש און שלעכט—דאָס איז דאָך נישט אייער שולד. גיט מיר אייער האַנד, און דערצעהלט מיר װעגען אייער פרוי און קינדערלעך; פערטרויט פאַר מיר אייער אומעט און צער.

— אָבער איך קען דאָך אייך נישט—האָט נעװאָגט דער אונ-בעקאַנטער, אָברוקענדיג זיך און האַפּענדיג זיך פאַר דער זייט'גער קעשענע פון דער מאַרינאַרקע.

איך האָב בעמערקט די אונצוטרויליכע בעװעגונג, און אַ ביטערקייט האָט פערפלייצט מיין נשמה.

— אַך,—האָב איך געװאָגט מיט פאָרװאורף—איהר האַלט מיך פאַר אַ קעשענע-גנב; אָט אַזוי צאָהלט איהר מיר עס אָב פאַר מיינע אָפענהערציגע, אויפריכטיגע װערטער?

— אָפענהערציג, צי נישט אָפענהערציג, אָבער מיט פרעמ-דע מענשען ציב איך מיך נישט אריין אין קיין פאַמיליערע שמועסען.

ער האָט זיך אויפגעהויבען און איז אַװעקגעגאַנגען.

— ארימער!—האָב איך אַ טראַכט געטהון און טרעהרען האָבען זיך מיר געשטעלט אין די אויגען.

אַ װיילע שפּעטער האָט עפּיס אַ עלטערע דאַמע פערנומען געבען מיר דאָס אָרט אויפ'ן באַנק.

„די װעט מיך פערשטעהן"—האָב איך אַ טראַכט געטהון.

— ליעבע פרוי,—האָב איך אָנגעהויבען—איהר האָט שוין גראָהע האָהר. איך האָב אייך ליעב פאַר'ן קאָנטראַסט פון אייערע האָהר מיט דער גרינקייט פון פריהלינג. איך האָב אייך ליעב, מאַדאַם, פאַר אַלע ענטטוישונגען, װאָס איהר האָט אין לעבען איבערגעלעבט, פאַר דער רוהיגקייט, װאָס מאָלט זיך אויף אייער פּנים.

(אויפ'ן פּנים פון דער דאַמע האָט זיך געמאָלט לעבעדיגע אונרוהיגקייט).

— ליעבע פרוי, איך האָב צו אייך אַ בקשה: גיט מיך אַ קוש אויפ'ן שטערן און בענשט מיך. מיר דאַכט זיך, אַז אייער קוש װעט מיך פאַר אַ גוטען מאַכען, און אייער ברכה װעט מיר

ווייזען דעם ריכטיגען לעבענס-וועג, און וועט מיך פערהיטען פון נסיונות. זאָגט מיר: „זוהן מיינער, זיי געדולדיג און שטאַרק".

די דאַמע האָט זיך מיט ציטערנדע ליפּען צוגעריהרט צו מיין שטערן, און, אויפהויבענדיג די ציטערנדע האַנד, האָט זי געזאָגט מיט אַ ציטערנד קול:

— זוהן מיינער, זיי געדולדיג און שטאַרק.

— אָ, יאָ, — האָב איך מיט פרייד אויסגערופען — איך וועל זיין געדולדיג און שטאַרק, מאַמע מיינע. אמת, איהר וועט דאָך מיר ערלויבען אייך רופען „מאַמע"?

אין דער מינוט זענען צו דער נראָהער דאַמע צוגעגאַנגען אַ יונגערמאַן און אַ פרוי — מסתמא מאַן און ווייב.

— אַך, ווי גוט דאָס איז, וואָס איהר זענט דאָ — האָט מיט פרייד אויסגעשריען די אַלטיטשקע. — קומט, קומט פון דאַנען. צום ווידערזעהן, מיין הערר.

זיי זענען שנעל אַוועק און דערביי האָט די אַלטע דאַמע זיי עפּיס לעבהאַפט דערצעהלט. דערנאָך האָבען זיך אַלע דריי אומגעקוקט, בעטראַכט מיך מיט אַ בליק פול מיטגעפיהל, האָבען טרויעריג אַ שאָקעל געטהון מיט'ן קאָפּ און זענען ווייטער אַוועק.

איך האָב קיין שום צווייפעל נישט געקאָנט האָבען: זיי האָבען גערעדעט, אַז איך בין נערוועז.

אַ ביטערקייט האָט פערגאָסען מיין נשמה, און טרעהרען האָבען זיך מיר אין די אויגען געשטעלט...

אין אַ ווייטע שפּעטער האָט זיך אויף מיין באַנק געזעצט אַ יונגערמאַן פון אַ יאָהר איינינגע און צוואַנציג, מיט לעבעדיגע קלוגע אויגען, איינפאַכע בעוועגונגען, איינפאַך אָנגעטהון — איינער פון די, וואָס געפעלען מיר אַמשטאַרקסטען.

— וואָלט איהר געוואָלט מיט מיר שמועסען? — האָב איך דאָסמאָל אָנגעהויבען שוין פאָרזיכטיגער — איהר זענט אַליין און איך בין איינזאַם. לאָ'מיר זיך נישט זאָגען די פאַמיליעס, וויל צו וואָס דאַרף מען עס? אָט איז פריהלינג, זון, יונגע גרינס, פויגעלעך... איך חיים, אַז איינע און דיזעלבע געפיהלען שפּיעלען איצט אין אונזערע ביידענס הערצער. ווען מען זעהט דאָס יונגע לעבען, ווען מען זעהט אַזויפיעל גלאַנץ, מוז מען אונבע-

דינגט לעבען. מיר, די איינוואוינער פון די שטערט, וואס זענען אזוי ווינציג צוזאמען מיט דער נאטור, פערשאטען מיט'ן ניפּ-טינען שטויב פון די גאסען—האבען פערלארען יעדע פריינדליכע נעפיהלען צו מענשען. איך וואלט הייס געוואלט אזוי הארציג זיך דורכשמועסען מיט עמיצען, געפינען אין א ברודער-הארץ א ברודערליכען אפקלאנג...

— יא,—האט מיך דער יונגערמאן איבערגעריסען—דאס אליץ, וואס איהר רעדט, איז זעהר שען, אבער איך האב א גע-וועהנהייט פריהער ניט דערקענען א מענשען, איידער איך הויב אן צו רעדען מיט איהם. איך וויס נישט, ווער איהר זענט אזעלי-כער, צי א מאדערניסט, צי א סעצעסיאניסט, צי א ווייסער, צי א רויטער...

— אך, יא... איך בין אין קעסטעלעך—האב איך געזאגט מיט א וועהטאגליכער איראניע.

— און איך האב מורא פאר מענשען אין קעסטעלעך—האט ער א זאג געטהון.

ער האט זיך אויפגעהויבען און איז אוועק.

און א ביטערקייט האט פערנאסען מיין נשמה.

„הייסט עס, אז אום עמיצער זאל דיר פריינדליך די האנד דריקען, איז ווייניג צו זיין א מענש מיט א ליעבענדע הארץ; הייסט עס, אז דערצו דארף מען ארויסהענגען א שילד פון מיינע איבער-צייגונגען און ארטיסטישע, געזעלשאפטליכע, פאליטישע און כל א מיני אנדערע סימפאטיען. וויי! זענען מיר שוין אזעק און אפשר קומען מיר ערשט צו צו דעם קרייז, ווען די זון וועט טוליען ברודערליכע מענשען-הערצער!“

און טרעהרען האבען זיך מיר געשטעלט אין די אויגען.

און דורך די טרעהרען האב איך דערזעהן א יונגעלע, א פינף-יאהריגען. אפשר, וואס האט זיך אויף מיר איינגעקוקט.

— ווי הייסטו, קליינינקער?—האב איך געפרעגט.

— יאנעק—האט דער קליינער געענטפערט.

— זאג מיר, יאנעק,—האב איך פערבינדען א געשפרעך—האסטו אין דיין קליין הערצעל אויך א קאסטען, וואו מענשען

זענען, ווי שריפט ביי די זעצער, צוטיילט לויט די קאָלירען פארבונגען און אויסזעהן?...

— מיין מאַטעשי האָט פונקט אַזאַ שטעקען, ווי איהר — האָט דער קליינער געענטפערט.

— אָ, קינד, — האָב איך גערעדט — אָט די נאַאיווע פראַזע איז פאַר מיר אַ נענוגענדער ענטפער. דו טיילסט מענשען נור אויף גוטע און שלעכטע, וואָס מיט דיין קינדעריש-נביאי'שען פאָר־געפיהל שיידסטו זיי אָב איינעם פון צווייטען. אָבער עס וועט קומען דאָס לעבען און וועט דיך אָנלערנען...

— די מאַמעשי האָט אַרויסגעוואָרפען דאָס פריילין, ווייל זי איז צוועקגעגאַנגען און נישט געקומען געלטיגען — האָט געפלאַפּעלט יאַנעק.

— יאָ, מיין קינד, יאָ.

און אַזאַ רחמנות האָט מיך אָנגעהאַפּט, אַז איך האָב אַ קוש געטהון דעם קליינעם אין שטערן.

אין דער רגע איז צוגעקומען צו אונז אַ יונגע פרוי.

— יאַנעק, קום שוין אַהער... מיט וואָס פאַר אַ רעכט לעקט איהר דאָס קינד?

— איך האָב איהם אַ קוש געטהון אין שטערן.

— דאָס איז אַ גראָבע אונהעפליכקייט צו קושען פרעמדע קינדער... איהר וועט מיר נאָך אָנשטעקען דאָס קינד און מאַכען עס אונגליקליך אויפ'ן גאַנצען לעבען!

יאַנעק האָט בעקומען אין קאַרק, מיר האָבען זיך טרעהרען געשטעלט אין די אויגען. און נישט קוקענדיג אויף דער ביטער־קייט, וואָס האָט מיר איבערפילט דאָס האַרץ, — האָב איך אַנער־קענט דער מוטערס גערעכטיגקייט. זי קען מיך נישט...

נעבען מיר האָט זיך אַוועקגעזעצט אַ פערפודערט מיידעל.

— מעג מען צו אייך רעדען? — האָב איך געפרעגט.

— אָי, אָי! — האָט זי געענטפערט און זיך געהנטער צו־גערוקט.

— זאָג מיר נור. — האָב איך אומעטיג אָנגעהויבען — זאָג מיר, צי די פרישקייט פון דער נאַטור, וואָס וועקט זיך צום נייעם לעבען, דערמאָהנט דיך נישט דיין קינדהייט? ווען דו

ביסט קליין און ריין געווען. ווען דו האסט געטוליעט דיין ווייסען שטערן צו דער מאמעס ליפען? ווען דו האסט נישט געוואוסט, אז עס איז פאראן שלעכטע מענשען אויף דער וועלט, אז די גוטע פאליע פון לעבען טראגט אין א ברייטען שטראם אזוי פיל ברוד און פאלשקייט? או וועקט זיך אין דיין נשמה א אבקלאנג פון הייטע ערינערונגען אין פערגעסענעם אומעט.

— אודאי, וועקט זיך עס,—האט זי אומעטיג געענטפערט— נאר אפשר וואלט איהר מיר א פונדעווע געטהון א אווענד־ברוים, האט?

— קיינמאל נישט.—האב איך פערפינסטערט געענטפערט— מילסטו דען, איך זאל מיט די פערשטונקענע ריחות פון קיך אבטרייבען די בלויקייט פון מיינע פריהלינגס־געדאנקען? קיינמאל נישט, דאך בין איך גרייט דיר מוחל זיין דעם הילדען אויסרוף, וואס פערטונקעלט די גאך נישט פערטונקעלטע קלארקייט פון יענע טענער, וועלכע דער פריהלינג שפיעלט אויף דער זילבערנער סטרונע פון מיין נשמה אוים. א, ארימע, געפאלענע בעשעפעניש, וואס איז פערזונקען...

— אויף מיטגעפיהל וועסטו מיך נישט געהמען, איך בין נישט קיין פרייערקע... קוקט איהם נור אן...

א אויפגערעגטע האט זי זיך אויפגעהויבען, און אזעקנעהענדיג, האט זי מיר צום געזעגענען צוגעווארפען דאס ווארט:

— אידיאט!

און א ביטערקייט האט מיין נשמה פערגאסען. און וועהמאגליכע פארווירפע האב איך דעם פריהלינג געשיקט.

— א, פריהלינג, פארוואס ליגסטו?...

ביז אט האבען זיך צוויי מיידעלעך אוועקגעזעצט אויף מיין בענקעל. א שמייכעל האט געציערט זייערע געזיכטער, דאס פערדרויטעלקייט האט פריש געמאכט די פרעהליכע פנים'לעך. זייער געשפרעך איז געווים געווען פערטרויליך, וויל זיי האבען שטיל געשעפטשעט, און די סודות זענען זיכער געווען פרעהליכע, וויל זיי האבען אונאויפהערליך געלאכט.

די העלע זונען־שטראהלען, די גרינקייט פון די יונגע

בלעטלעך, די פויגעלעך און די צוויי פריהלינגס-פינגערן האָ-
בען געשאַפען אַ אידיליע.

און אין מיין האַרצען האָט העכער אָנגעהויבען צו קלינגען
מיין זונען-ליעד.

— ליעבע מיידעלעך,—האָב איך נישט-דרייסט אַרויסגעג-
מורמעלט—ערלויבט מיר דערוואַרמען אין די שטראַהלען פון
אייער מאַי-פרייהייט מיין האַרץ, וואָס איז אין דער קעלט פון לע-
בען פערשטיינערט געוואָרען. זאָלען אָבנעהן די אייז-שטיקלעך
פון די לעבענס-ליידען פון מיין נשמה, זאָל אונטער דעם כשוף-
גלאַנץ פון אייער יוגענד אָנצינדען זיך אין מיין האַרצען אַ פונק
פון אַמאָליגע האָפנונגען און מיסטישע זוכעונישען. רעדט הויך,
און איך וועל שטיל זיצען, און אפשר וועט פון טרוקען אויג
אַ צוואַרעמטע טרעהר אַראָבפליסען און וועט פייכט מאַכען דעם
שטערן, דעם פון טרויער צוקנייטשטען.

איך האָב געוואוסט, אַז אַ טרעהר קאָן אויפ'ן שטערן
נישט רינען, איך האָב אָבער אויך געוואוסט, אַז נישט קיין וואָך
אויער פון אַנ'אָבגעלעבטען קריטיקער הערט זיך צו צו מיינע
רייד, נאָר די פרישע יוגענד פון די גרינע בלעטלעך, זון, פוי-
געלעך און... יענע מיידעלעך.

זיי האָבען געקוקט אויף מיר נעריהרטע און בעאונרוהיגטע.

ווען פלוצלונג איז צוגעקומען מיט ברייטע טריט אַ
מאַנספערזאָן אין דער קראַפט פון זיין עלטער, און אילוסטרירענדיג
זיינע ווערטער פול מיט שרעק, מיט אַ שטאַרקען טרייסלען פון
אַ גראָבען שטעקען, האָט ער געזאָגט:

— אין מיטען העלען טאָג, דריי טריט פון די עלטערן,
צו פערטשעפען נישט קיין דערוואַקסענע קינדער, דערויף דאַרף
מען זיין אַ ציניקער פון ערנסטען מין. מאַניע, זאָשע—לאָמיר געהן
אַהיים; שוין גענוג די שפּאַצירען.

מיט אַ לעצטען, קרעכצענדען אַקאָרד האָט אַ ציטער גע-
טהון די זילבערנע סטרונע און אויסגעגאַנגען איז דאָס פריהלינגס-
ליעד פון דער יוגענד.

די זון האָט ווייטער געשיינט אויפ'ן הימעל אָהן וואָל-
קענס, אָבער מענשען וועגען מיר שוין קיין ברידער נישט געווען,

נאָך קיינעמס פֿריינדליך האַרץ האָב איך נישט געדורשט.

אָ, ליעד! האָסט מיך פֿאַר אַ קעשענע־גנב געמאַכט, פֿאַר אַ נערוועזען, פֿאַר אַ געהיים־אַגענט, פֿאַר אַ אויסגעלאַסענעם, פֿאַר אַ אידיאָט און פֿאַר אַ ציניקער, ווייל איך האָב מיך געצווינגען צו מענשען...

ווען איך וואָלט געווען אַ מאָדערניסט, וואָלט איך די איצטיגע ערצעהלונג אַזוי פֿערענדיגט:

„אַ שוואַרצע קאַץ... רעמססי אויג... אַ הידרע... אַ ציקיטע... דאָס לעבען... איך בין געזעסען אויף אַ באַנק איינזאַם ווי אַ דונער... די זון האָט געשאָטען אויף מיר מיט סאָזשע פֿון יאוש"...

און עס וואָלט געווען אַ שטימונג.

# חאָטש פלאַן פאַר געלעכטער.

---

דער בעל־הבית האָט געוואָלט זיין טאָכטער אַרויסגעבן צו אַ יונגען מאַן. צוישען לייטען און דעם זוהן — שיקען אין אויסלאַנד פאַר־ענדיגען זיין שטודיום.

און ער האָט געזאָגט:

— איך העכער די דירה־געלד פון אַלע איינוואוינער פון מיין הויז.

און ער האָט געהעכערט.

און ער האָט דערפיהלט אַ צופריעדענהייט, ווי אַ מענש, וואָס האָט ערפילט זיין חוב.

און דאָ הויבט זיך אָן אַ גאַנצע רייהע אונענדליך לעכער־ליכע פאָרפאַלען. אין יענעם הויז איז געווען אַ געוועלב פון וועש, קראַוואַטען, שטעקענס—גאַלאַנטעריי. דער בעל־הבית פון געוועלב האָט זיך גענומען צום האַרצען, וואָס מ'האָט איהם גע־העכערט די דירה־געלד; דערנאָך האָט ער לאַנג געטראַכט, גע־רעכענט, געקלערט, קאָמבינירט, ביז ער האָט באַשלאָסען:

— איך זאָג אָב איין סוביעקט. פאַר אַ העמד מאַכען צאָהל איך פון היינט מיט צעהן קאָפּיקעס וועניגער. פאַר אַ קראַ־וואַט מאַכען צאָהל איך פון היינט אָן מיט פינף קאָפּיקעס וועניגער. קיין גראַטיפיקאַציע וועל איך דאָס יאָהר נישט געבען.

און אַ שטיין איז איהם אַראָב פון האַרצען.

פון יענעם טאָג אָן האָבען זיבען געהטאָרינס אין דריי קראַוואַטען־מאַכערקעס געמוזט אַרבייטען מיט אַ שעה לענגער, אום זיי זאָלען פערדיענען אַזויפיעל געלד, ווי פריהער. דער משרת פון געוועלב האָט געקרעכצט, וואָס ער וועט דאָס יאָהר נישט קאָנען קויפען פאַר די קינדער קיין האַאינקע. דער סוביעקט

האָט געעפֿענט אַ אייגען געשעפֿט פֿון שרייב-מאַטעריאַלען און
האָט אין דריי חדשים פֿערלאָרען דער ווייב'ס נדן און זיין אייגען
ביסעל געלד, דערנאָך האָט ער אַלץ פֿערקויפֿט און איז אַרויס-
געפֿאָהרען מיט דער פֿרוי און טאָכטער קיין מאַרזשוריע.

אין יענעם הויז איז געווען נאָך אַ געשעפֿט: אַ שפּייז-
קרעמעל. דער בעל-הבית פֿון'ם שפּייז-געוועלב האָט זיך גענו-
מען צום האַרצען, וואָס מ'האָט איהם געהעכערט די דירה-געלד,
דערנאָך האָט ער געטראַכט, געטראַכט, ביז ער האָט בעשלאָסען:

— סערדעלקעוויטש'עס וואורשטען זענען גוטע, אָבער דער
פּראָצענט איז אַ קלענער; זאַלצעסאָנ'ס וואורשטען טויגען אויף
כפּרות, נאָר פֿערדיענען קאָן מען פֿון די העלפֿט אויף העלפֿט.
אויף געבעקס גיט סטרוצעל אַ גרעסערען פּראָצענט, ווי קאַי-
זערסקי. אויף מעהל און זאַלץ קען זיך סיי-ווי-סיי קיינער נישט:
און מילך מיט קראָכמאַל און וואַסער איז אויך ווייס. אין האַנ-
דעל איז נישטאָ קיין סענטימענטען...

אויפֿ'ן ערשטען שטאָק פֿון פֿראָנט האָט געוואוינט אַנ-
אַדוואָקאַט. דער אַדוואָקאַט האָט זיך גענומען צום האַרצען, וואָס
מ'האָט איהם געהעכערט די דירה-געלד, און האָט געמאָלדען די
שלעכטע בשורה זיין פֿרוי; די פֿרוי האָט בעשלאָסען:

— איך טרעט אַרויס פֿון דער געזעלשאַפֿט פֿון וומער-
קאָלאָניעס. דער לעהרערין וועל איך צאָהלען נור זעקס רובל
אַ חודש, זינמוס'עס רעפּעטיטאָר — זיעבען. איך וועל אויפֿהערען
אַבאָנירען פֿאַר די קינדער די „מאָיע פּיסעמקאָ"*), און פֿאַר זיך
דעם „פּרזשעגלאָנד פּעדאַגאָגיטשני"**); דעם מאַן וועל איך
אָנרערען, ער זאָל אַוועקוואַרפֿען די „זדראָוויע"***), וואָס אַנ-
אַדוואָקאַט דאַרף עס נישט. דער טאַפּעצירער וועט נור בעקומען
צוויי גילדען פֿאַר אַ פֿענסטער און ביים אייזערנעם טויער וועל
איך זיך דינגען ביז'ן לעצטען גראָשען.

די זעקסרובלדיגע לעהרערין האָט געמוזט אָננעהמען נאָך

*) אַ פּוילישער קינדער-זשורנאַל.
**) אַ פּוילישער פּעדאַגאָגישער זשורנאַל.
***) אַ מעדיצינישער זשורנאַל.

אַ איבעריגע לעקציע און האָט אַוועקגעוואָרפן איין אומזיסטיגע לעקציע, וואָס זי האָט געגעבן דעם סטרוזש'ס קינד פון דעם הויז, וואו זי האָט געוואוינט.

זינמוס'עס רעפּעטיטאָר האָט געזאָגט: „מ'האָט מעהר נישט געהאַלט געבן, מאַמע, נאָר עס וועט אַזוי אויך געניג זיין אויף אַריינטראָגן אין שולע, און קיין ווינטער-שינעל דאַרף איך אינגאַנצען נישט, ווייל דער ווינטער וועט מסתמא זיין אַ וואַרימער". און די פּשעקופּקעס אויפ'ן מאַרק האָבן געזיפצט, אַז דער האַנדעל איז געפאַלען, ווייל יעדער וואָלט געהאַלט קויפען פאַר אומזיסט.

אויפ'ן דריטען שטאָק, אין דער לינקער אָפּיצינע, האָט געוואוינט אַ בוכהאַלטער-קאָרעספּאָנדענט. ער, דערהערענדיג וועגען העכערן די דירה-געלד, איז גלייך אַוועקגעלאָפען צו זיין נוטען פריינד און געזאָגט: „האָסט מיר געלטען דערצעהלט וועגען די צוויי אָהענד-שעה'ן; איך האָב מיך בעטראַכט און איך וועל עס אָנגעהמען". דער נוטער פריינד האָט געענטפערט: „מ'ר דאַכט זיך, אַז דאָרט האָט מען שוין געפינען איינעם, נאָר איך וועל זעהן דאָס דורכפיהרען". און מען האָט מודיע געווען דעם קאַנדידאַט, אַז די שטעלע איז פערנומען, און דער קאַנדידאַט האָט געבראַכט די ידיעה זיין גראָהער. מאַמען, אַ אלמנה אָהן מיטלען צום לעבען.

דער דאָקטאָר פון צווייטען שטאָק פון דער גענענאיבערדינער אָפּיצינע איז פעררופען געוואָרען צו אַ קראַנקען אויף שטשילנע נאַס און האָט גענומען אַ רובל פאַר'ן וויזיט, ווייל מ'קאָן זיך דאָך נישט שפּיעלען אין פילאַנטראָפּיע, ווען דער בעל-הבית העכערט די דירה-געלד. און דעם קראַנקענס פרוי, אויסגעבענדיג דעם לעצטען רובל פאַר'ן דאָקטאָר, האָט שוין נישט געהאַט אויפ'ן רעצעפּט און האָט אַריינגעטראָגן די טוך אין לאָמבאַרד און די טוך האָט זי שוין נישט אויסגעקויפט.

דער בעאַמטער פון דריטען שטאָק, פון דער לינקער אָפּיצינע, האָט בעשלאָסען, אַז מ'טאָר נישט זיין קיין קרוש, ווען די לעבענס-מיטלען ווערען אַלץ שווערער. שוער: מ'מוז אָנהויבען נעהמען, אַז מען גיט — חאַבאַר האָט אַפילו אַ מיאוסען נאָמען, נאָר עס האָט אַ סך מעלות אויך...

אין טעאטער, אויף דער אָפערע, איז איינער פון די שטוה־
לען אויפ׳ן לעצטען שטאָק גאַלעריע געווען לעדיג: דאָרט האָט
געזעסען דער לאַקאַטאַר פון פּערטען שטאָק, ווען מ׳זאָל נישט
געווען העכערן די דירה־געלד.

די ביזרא, וואָס געפינט זיך אין צווייטען הויף, האָט צו־
ליעב דעם, וואָס די אויסגאַבען פון דער אַדמיניסטראַציע וועגען
גרעסער געוואָרען, פערקלענערט דעם פּערסאָנאַל, ענטזאָגענ־
דיג איינעם פון די צוויי דיענערס. דער דיענער האָט געהאַט דריי
קינדער. ס׳איז נישט געווען קיין עצה, איז ער געוואָרען אַ טרעגער
פון עפּיס אַ בלעטעל, און, פערדיענענדיג ערשט אויף אַ העלפט
ווייניגער, האָט ער פערדונגען אין זיין הייזעל אַ קליין ווינקעל
פאַר אַ רובל אַ יונגען גערטנער. אָבער דער גערטנער האָט בעזוכט
זיין שוועסטער, וואָס איהרע קינדער זענען קראַנק געווען אויף
דיפטעריט, און האָט פערשלעפּט די קראַנקהייט צו דעם דיע־
נערס קינדער, און אין פערלויף פון אַ וואָך זענען זיי איינער נאָכ׳ן
אַנדערן, אַלע דריי אויסגעשטאָרבען...

אין קעלער פון יענעם הויז האָט געוואוינט אַ שוסטער.
אין דערזעלבער מינוט, ווען דער רושאָנדצע האָט געבראַכט די
טרויעריגע ידיעה וועגען די דירה־געלד, האָט די אַלטיאָהריגע
סטאַשקע געבעטען ביים טאַטען אַ זעקסער אויף אַ העפט. דער
שוסטער האָט געענטפערט: „גענוג שוין אַ מיידעל צו לערנען
זיך“ און האָט זי אָבגעגעבען לערנען זיך אין באַלעט. אַ שוואָ־
גער האָט ער געהאַט אין טעאַטער. און די געהילף־יונגלעך
האָט דער שוסטער אָנגעהויבען צו געבען אַ קאַרגערע פּאָרציע...

און אַ סך, זעהר אַ סך לעבערליבע פאַקטען זענען געש־
שעהן. אָט די לעבערליבע פאַקטען זענען געווען נישט קיין טויז־
זענד און נישט דריי טויזענד. און די פאָלגען פון די פאַקטען וועלען
זיך ציהען ביז׳ן סוף פון דער וועלט.

ביים דיענער זענען געשטאָרבען דריי קינדער, אַלזאָ זענען
אויך געשטאָרבען די קינדער פון די קינדער, און זייערע אייניק־
לעך, און זייערע אוראייניקלעך, וואָס וואָלטען געשפּיעלט אַ גע־
וויסע ראָליע אינ׳ם לעבען פון געוויסע פאַמיליעס, הייסט עס,
אויך פון אַ געוויסען טייל פון דער מענשהייט.

הערט איהר פרעגען:

— אָבער וואָס וועהט אין דעם דער אויטאָר פאַר אַ לעבער־לייבעס?

— נור וועהר פיעל לעבערלייבעס זעה איך דאָ.

פאַר'ן בעל־הבית'ס טאָכטער, הערלכער דער טאַטע ווֹל ארויספיהרען צווישען לייטען, פאַר זיין זוהנדעל, וואָס דאַרף פאַה־רען קיין אויסלאַנד פערענדיגען זיין שטודיום—אַרבייטען, נישט קענענדיג זיי אינגאַנצען, נעהטאָרינס, וואָס וואוינען אין צווייטען עק שטאָדט. צוליעב זיי האָבען די שוסטער־יונגלעך ערגער עסען, דעם משרת'ס קינדער פון נעהעלב וועלען נישט האָבען קיין וואָאינקע, דער שילער קיין שינעל. צוליעב זיי האָבען די צייטונגען פערלאָרען אַ אַבאָנענט, די געזעלשאַפט פון קינדער־קאָלאָניעס—אַ מיטגליעדערין, דאָס טעאַטער—אַ פלאַץ אויף דער אָפערע, די פשעקיפקעס פון הינטער'ן אייזערנעם טויער—אַ טייל פערדיענסט, דער אַלמנה'ס זוהן—אַ שטעלע, אויף וועלכער ער האָט שוין אַ יאָהר צייט געוואַרט.

צוליעב זיי זענען דריי קינדער געשטאָרבען. איין קינד האָט מען אָבגעגעבען אין באַלעט. צוליעב זיי דאַרפען די, וואָס קויפען אין נעהעלב, בעקומען ערגערע מעהל און מעהר וואַסער אין די מילך. צוליעב זיי האָט אַ אָרענטליכע בעקערין און אַ פליישׁ־נעהעלב פערלאָרען אַ אָבנעהמער.

איז עס נישט לעבערליך?

אויף ארויסצופיהרען אין דער וועלט איין פריילין און פערענדיגען דעם שטודיום פון איין יונגענמאַן, איז ביי אַ גאַנצען טייל מענשען צוגענומען געוואָרען דער גאַנצער, אָדער אַ טייל פערדיענסט, אָרענטליכקייט, בילדונג, געזונדע עסענוואַרג, אפילו לעבען.

צוליעב זיי האָט מען אַ קינד אָבגעריסען פון העפט און אָבגעגעבען אין באַלעט.

לעבערליך איז אויך דאָס, וואָס נישט דער בעל־הבית, נישט זיינע קינדער ווייסען גאָר פון דעם נישט, זיי וואָלטעז פער־וואונדערט געוואָרען, ווען עמיצער וואָלט זיי דערציילט, אַז

ערגעץ, אין צווייטען עק וואַרשאָ, נים עפּים אַ אָרימע נעהפּאָרין אַוועק פון זייער טובה ווענען.

דאָס איז אַלזאָ אוננלויבליך לעכערליך, אז אַפילו אַ הוּמאָריסט וואָלט זיך הערצליך פונאַנדערגעוויינט.

און די טרעהרען פון אַ הומאָריסט זענען דאָך אודאי זעהר לעכערליך!

# דער לעצטער אָווענד.

---

איך, ווי איהר זעהט מיך, איך, אדרבא—איך האָב דאָך געוואָלט, שטאַרק געוואָלט; אָבער, אַז איך האָב נישט געקענט. איך האָב נישט געקאָנט, און קודם-כל האָב איך נישט געוואוסט, ווי אַזוי...

וואָרום בעטראַכט אַייך נור: די קעסטלעך זענען פערפאַקט, מאָרגען פאָהרט די פרוי אַרויס, אויפ'ן נאַנצען זומער, אויף לאַנגע צוויי חדשים—איז דאַרף מען דאָך, ס'מוז דאָך, מ'איז דאָך מחויב. אַזוי הייסט די פּליכט, האָטש די העפליכקייט אַליין. און איך האָב עס פערשטאַנען, זעהר גוט פערשטאַנען, אָבער איך האָב נישט געקאָנט, ווייל קודם-כל האָב איך נישט געוואוסט, ווי אַזוי אָנצוהויבען.

ס'איז אַ נעלעכטער, אָבער ס'איז אמת און טרויעריג.

וואָלט איך אָנגעהויבען, וואָלט עס שוין ווייטער אויך ווי-עס-איז אַוועק—האָב איך אָבער נישט געוואוסט, ווי אָנצוהויבען. און זי—איך בעט אַייך—זי האָט אויך געוואָלט, און האָט אויך פערשטאַנען, אַז אַזוי דאַרף עס זיין—און זי האָט אויך נישט געוואוסט, ווי אָנצוהויבען.

און ס'האָט זיך דאָך געקאָנט אויסראַכטען, אַז ס'איז נישטאָ קיין גרינגערע זאַך אויף דער וועלט, אַז דאָס איז אַזוי פשוט, אַזוי קלאָר, אַזוי אײנפאַך...

די קינדער זענען שוין געשלאָפען.

מיר זענען געזעסען בײם טיש. דער לאָמפּ איז געהאַנגען אויפ'ן סופיט און אין לאָמפּ האָט געברענט נאַפט. דער טיש איז ביז אין דער העלפט געווען בעדעקט מיט אַ טישטוך, און איך האָב געזאָגט:

— מלאַכ'ל.

כ'האָב געזאָגט „מלאָכ'ל" — און נישט געוואוקסט, וואָס ווייטער.

און זי האָט אַ קוק געטהון אויף מיר און געפרעגט:

— וואָס, קעצעלע?

איך האָב אַלזאָ געענטפערט:

— אפשר וועלען מיר זיך דורכפאָהרען מיט'ן טראַמוואַי?

מיין פרוי האָט געענטפערט:

— אדרבא...

און מיר האָבען זיך אָנגעהויבען.

איך בין געווען צופריעדען. אַזוי וועט זיין בעסער. מיר וועלען אַוועקפאָהרען אין די אַלעען, מיר וועלען זיך זעצען אויף אַ באַנק—אפשר וועט שוין עפּיס גילער... איך האָב געפיהלט, אַז זי וואָלט אויך גערן איינגעשטימט, אַז זי רעכענט אויך, אַז דאָרט קאָן זיין, אונטער'ן בלאָזען פון וואַרימען, זומערדיגען ווינ־טעל, פערוויעגט מיט'ן גערויש פון הונדערט־יאָהריגע בוימער, אַז דאָרט וועט זיך אונז עפּיס גילער איינגעבען.

מיר זענען אַוועקגעפאָהרען אין די אַלעען און זיך געזעצט אויף אַ באַנק.

און געשוויגען.

— אַ אויסגעצייכענטער אָווענד—האָב איך אָנגעהויבען.

— באמת אַ אויסגעצייכענטער אָווענד—האָט זי געענט־פערט.

— איהר זאָלט נור האָבען אַ שען וועטער אין יולי — האָב איך ווייטער געצויגען.

— עעע, מסתמא וועט זיין וועטער אין יולי—האָט זי געענטפערט.

— שטענדיג רוהט מען זיך אַ ביסעל אָב אויפ'ן דאָרף, — האָב איך ווייטער געהאַקט, אָנשטרענגענדיג איבער דער מאָס מיין ווילען.

— וואָס פאַר אַ רוהה איז עס, אַז מען פאָהרט מיט קינדער— האָט זי געענטפערט.

און מיר זענען ענטשוויגען געוואָרען.

אַזוי האָבען מיר געשוויגען אַ מינוט פינף.

— הער, נשמה מײַנע, — האָט זי שטיל אַרױסגערעדט.
— װאָס, מײַן גאָלד? — האָב איך געפֿרעגט.
— איך האָב דיר איבערגעלאָזט װעקס פּאָר שקאַ־פּעט־
קעס. — האָט דאָס װײַב װײטער געצױנגען — אַז די װעקס פּאָר װעלען
בײַ דיר ברודיג װערען, װעסטו זײ אָבגעבען װאַשען.
— גוט.
— אָבער װעסט נישט פֿערגעסען?
— נײן, איך װעל נישט פֿערגעסען. אין דו האָסט מיטגע־
גומען געגוג װעש?
— אַ, געגוג.
— װאָרום טאָמער װעסטו עפּיס דאַרפֿען, זאָלסטו זיך
נישט שעהער מאַכען: שרײַב אָן, װעל איך דיר שיקען.
— אָבער צו װאָס זאָל איך דיר אָנמאַכען איבריגע אַר־
בײַט?
— נײן, נשמה מײַנע. איך װאָלט זעהר גערן... פֿאַר מיר
װעט עס נישט זײן קײן שום אינטערעשיער.
מיר האָט זיך געדאַכט, אַז דער אָנהױב איז אַ גוטער,
אַז איצט װעט שױן אַװעקגעהן גלאַט — און דאָ װײטער גאָרנישט.
— איז דיר נישט קיהל?
— אַביסעל.
— אפֿשר װעלען מיר זיך שױן אומקעהרען אַהײם?
— אדרבה, שפּעטער װעלען מיר שױן קײן טראַמװאַי
נישט קריגען.
— טאָ לאָמיר געהן.
און מיר האָבען זיך געזעצט אין טראַמװאַי.
נײן, אין דערהײם איז געװים בעסער, — האָב איך איצט
געטראַכט — אַװדאי, אין דערהײם, פֿערשטעהט זיך, אַז אין דערהײם;
מיר זענען דאָך נישט קײן פּאָר געליעבטע, אָדער שנעקעס, װאָס די
לבנה מאַכט זײ טרױמען. דאָס איז געװען אינגאַנצען אַ אומנעטוס־
פּערטער אײנפֿאַל — די גאַנצע פֿאַהרעניש.
און מיר האָבען זיך אומגעקעהרט אַהײם.
— װילסטו נאָך אַביסעל זיצען? — האָב איך געפֿרעגט.
— אדרבא — האָט דאָס װײַב געענטפֿערט.

— און אפשר ווילסטו בעסער נעהן שלאָפען? מאָרגען מוזטו אויפשטעהן פריהער.

— ניין, אויב דו ווילסט, קאָנען מיר נאָך אַביסעל זיצען.

מיר האָבען זיך אַװעקגעזעצט אויף דער אָטאָמאַנע.

זי האָט אַ שמייכעל געטהון און געזאָגט:

— אָבער דו האָסט דאָך נאָך די צייטונג נישט געלייענט.

איך האָב לייכט אַ מאַך געטהון מיט דער האַנד.

— כ'האָב נאָך צייט מאָרגען צו לייענען. דאָס איז דאָך אונזער לעצטער אָװענד.

— און דו װעסט בענקען?—האָט זי געפרעגט.

— אַודאי װעט מיר זיין נישט אָנגענעהם — האָב איך געענטפערט.

און אַפילו אַ זיפץ געטהון.

דאָס דורכפאָהרען איז אפשר טאַקי נישט געהען דאָס ערנסטע. קאָן זיין, אַז טאַקי נאָכ'ן דורכפאָהרען זיך װעט זיין בעסער.

— װי אָפט װעסטו מיר שרייבען?

— יעדע װאָך.

— נו יאָ, ביסט גאַנץ גערעכט, נשמה מיינע, יעדע װאָך.

— און דו, מיין מלאכ'ל?

— איך אויך,—יעדע װאָך.

— אַזוי איז טאַקי בעסער: רעגוליער יעדע װאָך.

— יאָ: איין מאָל אין װאָך.

איך האָב אַ געהניץ געטהון.

בנאמנות, איך קאָן אַפילו שװערען, אַז איך האָב נישט געװאָלט אַ געהניץ טהון. ס'איז דאָך נאָך געװען אַפילו זעהר פריה, איך בין געװען אויסגעשלאָפען. נו, און איך האָב אַ געהניץ געטהון.

און זי האָט אויך אַ געהניץ געטהון.

— אָבער, צי װעט איך דאָס װעטער גוט זיין?—האָב איך אָנגעהויבען.

— איך רעכען, אַז עס װעט זיין אַ שענער זומער — האָט זי געענטפערט.

— נו, יאָ, װאָלט האָטש קיין רעגענס נישט געװען.

— אודאי, װאָרום אַז עס געהט רעגען, איז נישט אַנגע־נעהם צו זיצען אויפ'ן דאָרף.

— זעלבסטפערשטענדליך, אַז ס'איז נישט אַנגענעהם. און כ'האָב אַ געהניץ געטהון.

— איך האָב צו דיר אַ בקשה...— האָט זי שטיל געזאָגט

— איך הער, נשמה'ניו.

— פערשרייב דו, װאָס די קענין ניט איים. װאָרום זעהסטו. אַז דו װעסט מאַכען די חשבונות, װעט זי זיך שטענדיג אַלע פּלאַס איינהאַלטען.

— גוט, קעצעלע.

און איך האָב צום דריטען מאָל אַ געהניץ געטהון.

— דיר װילט זיך שלאָפען?—האָט געפרעגט דאָס װייב.

— אַביסעל.

— יאָ, און מאָרגען דאַרף מען פריהער אויפשטעהן.

און איך בעט אייך, איך האָב געװאָלט, און איך האָב גע־װאוסט, אַז איך בין מחויב,—אָבער איך האָב נישט געװאוסט, װי אָנצוהויבען מיט'ן איינען װייב... אַ אַ לענגערען, האַרציגען געשפּרעך... פאַר'ן אװעקפאָהרען. און גערעדט האָבען מיר װעגען װעטער, שקאַרפּעטקעס, רעגען, בריעף און װעגען דער קעכין.

איך בין נישט, זאָל נאָט היטען, עפּיס אַ ראָמאַנטיקער, אַ אידעאַליסט, אַ פּאָעט, אָדער גלאַט אַ הוילע נשמה — נאָר אַפילו מיר איז אויך עפּיס געװען נישט אַנגענעהם.

(... פאַר'ן אַרויספאָהר; נייע חדשים; אַפילו די צייטונג נישט געלייענט און—גאָרנישט.

# אַ אָפּענער בריעף.

אָרימע פֿריילין פּציפּצי!

(פּציפּצי, דאָס איז אַ פֿערקלענערונגס-נאָמען פֿון אירענאַ).

— היילען אייך שוין אַלזאָ נישט קיין לוסט-רייזעס, נישט קיין ליעבהאָבער-טעאַטערען, נישט קיין פֿראַיינען?

או-או, דאָס איז שלעכט.

און אייער נשמה איז שוין, ווי שטוינקויהעל?

או-או-או-, דאָס איז זעהר שלעכט.

און איהר שטעלט אייך די קשיות, פֿאַרוואָס און צו וואָס איז דאָס אַלץ?

אָי, פֿריילין פּציפּצי, ווי שלעכט דאָס איז!

לאַנגווײַלינט איהר זיך, פֿריילין פּציפּצי, און איהר ווילט, איך זאָל אייך אויסהיילען?

כ'וועל פּרובען:

איך קען אַ מענשען, וואָס האָט אַן'אונערטרעגליכע פֿרוי, פֿיר אונערטרעגליכע קינדער, אַ אונערטרעגליכע שטעלע און אונערטרעגליכע פּרינציפּאַלען.

און אָט דער מענש, נישט קוקענדיג אויף דעם אַלעם, לעבט, אַרבייט, און—לאַכט אַפילו ציישענווייז.

ווי איז דאָס מעגליך?

אַלע מענשען פֿון דער גאַנצער וועלט, אַלזאָ: אַקטייקערס, הינעזער, גראַפֿען, שיפֿס-מאַטראָסען, מיידלעך און שדוכים, אַקטאָרען, מלאכים'לעך-פֿאַבריקאַנטקעס, אַדוואָקאַטען, דירעקטאָרען פֿון פֿילהאַרמאָניע, נאַראָנים, לופֿט-פֿליהער, פֿערזיכערונגס-אַגענטען, קאָרטען-שפּיעלער, סופֿראַזשיסטקעס, בעלי-בתים פֿון

גראַמאָפאָנען-מאַגאַזינען און ציקליסטען-טיילען זיך אויף: צו-
פריעדענע פון לעבען און אומצופריעדענע.

דאָס זאָל מען טהון, אום צו געהערען צו דער גרופּע מענ-
שען, וואָס זענען צופריעדען פון לעבען?

טאַקי יענער בעקאַנטער מיינער בעזיצט אָט די וועלטענע
פעהיגקייט, אַ פרוכט פון פערשטענדניש און געדאַנקען-אַרבייט.

ווען די קינדער האָבען נעמאַכט קולות אין הימעל אַריין,
און נישט געלאָזט דעם הערר מיהאל צו האַפען זיין בעליעבטען
נאָך-מיטאָג-דרעמעל, האָט זיך דער הערר מיהאל צופריעדען גע-
שמייכעלט און געשעפּטשעט:

— ווי גוט דאָס איז, וואָס איך האָב נור פיער קינדער
און נישט קיין — אַכט!

ווען דאָס ווייב פלעגט דעם הערר מיהאל אָנמאַכען אַ גיהנום,
האָט ער זיך געשמייכעלט און געטראַכט:

— וואָס וואָלט איך עס געטהון, ווען די שוויגער זאָל
מיר פּלוצלונג אַזוי אויפשטעהן תחית המתים?

ווען דאָס ווייב האָט געשריען:

— זעה, אין וואָס פאַר אַ שיך איך געה; זעה, ס'אַרא
קבצנ'ישען קאַפּעליוש איך האָב; זעה, וואָס פאַר אַ פּנים עס
האָבען מאַניע'ס זשאַקעט און קאַזיאָ'ס הויזלעך!?

האָט זיך דער הערר מיהאל היטרע געשמייכעלט און גע-
טענה'ט:

— אַ גליק, וואָס ווייבער האָבען נור צוויי, און נישט קיין
פיער פיס, וואָס אַ קאַפּעליוש טראָגט מען נור איינעם אויפ'ן קאָפּ,
וואָס מענשען האָבען נישט אויסגעטראַכט, מ'זאָל טראָגען נאָך
עפּיס אַ קאָסטבאַרען צוגאָב אויפ'ן זשאַקעט.

ער האָט געהאַט רעכט, דער הערר מיהאל: ווען די
נאַטור זאָל בעשענקען אַלע פרויען מיט פיער פיס (צוויי פּאָר
שיך), וואָלט מען אַ צווייפיסיגע געהאַלטען פאַר אַ קאַליקע;
און ווען אין אַ געוויסען טאָג זאָל זיך דער קעניג עדוואַרד בע-
ווייזען אויפ'ן פערד-געיעג מיט אַ ספּעציעל קאַפּעליושל אויפ'ן
נאָז, וואָלטען אַלע מענער, און געוויס אויך פרויען, אויסער היט
אויפ'ן קאָפּ געטראָגען קלענערע היטעלעך אויפ'ן נאָז. און דע-

כ׳אָלט װאָלט מען נעלאָזט פון די װילדע ברויזים, װאָס טראָגען נישט קיין היטעלעך אויפ׳ן נאָז, און די משונעים, װאָס װאָלטען זיך נישט געװאָלט אונטערגעבען דעם מנהג, װאָלטען מיר אין די סאַ־לאָנען נישט אַריינגעלאָזט; און אפשר װאָלט מען זיי אַפילו אַרעסטירט פאַר בעליידיגען די געזעלשאַפטליכע אָנשטענדיגקייט. נאַטירליך, דאָס אַלץ װאָלט געשעהן לאַנגזאַם, אין פערלויף פון צעהנדליגער יאָהרען.

דער העררו מיחאל האָט זיך געטרייסט דערמיט, װאָס אַ יאָהר האָט 365 טעג און נישט קיין 183, װאָרום ער װאָלט געהאַט צוויי מאָל מעהר געמען־טעג, ימים־טובים און װאַאינקעס; װאָס אַ מענש האָט צוויי לעפעלעך אין נאָז, װייל אַלט לעפעלעך װאָלטען געפאָדערט פיער מאָל אַזויפיעל שמעק־טאַבאַק; װאָס ער זיצט אין ביוראָ נור צװעלף שעה, און נישט—פיער און צװאַנ־ציג און דריי פיערטעל; װאָס אין זיין װאוינונג זענען דאָ נור שפינען, װאַנצען, פליי און מייז, װייל עס האָט נאָך געקאָנט זיין שצורעס, זשאַבעס, גרילען, פאָרטעפּיאַניסטקעס און אַלינאַ־מאָרען.

— אויב אַ קליינע נאַכטיגאַל קאָן האָבען אַזאַ גרויסע שטימע, האָט דאָך געקאָנט זיין אַזוי אויך, אַז אַ קליין װערימעל זאָל האָ־בען אַ קול, װי גאַשינסקי, אָדער אַ ספּעציעלען אַפּאַראַט, װאָס זאָל איהם ערלויבען ביינאַכט אויסצושפּיעלען נאָמעס, װי מאַניע אויפ׳ן פאָרטעפּיאַן.

— פערשטעהט איהר, פריילין פּציפּצי?

װען איך װעט אַרומנעהמען יענע האָפנונגסלאָזע לאַנג־װיילינקייט, טהוט איך אַ טראַכט:

— און װען אַ פערד װאָלט מיר אַזוי פלוצלונג אָנגעבי־סען מיין פיין נעזעל?

ס׳איז גאָר נישט אַזוי אונמעגליך: זענען דאָך פאַראַן פערד אויף דער װעלט. זענען דאָך איינינע פערד זעהר שלעכטע. אָט, נעהט איהר דורך נעבען אַ פערד. דער פערד קעהרט זיך אום, פלוצלונג —׳ מאַך! — בלוט, געשרייען, הלשות, הילף, אַ ידיעה: „אַ אונגעװעהנליך טרויעריגער צופאַל, אָדער: אַ שרעק־

ליבער קלאַפּ האָט געטראָפען די פאַמיליע פון איבעראַל גע־שעצטען הערר נ. . זיין טאָכטער, דער צויבערענדער פריילין פציפּצי, די קעניגין פון סעזאָן, האָט אַ פערד אָבגעריסען די נאָז". און נישטאָ קיין נאָז.

וואָס זאָגט איהר דערויף, פריילין פציפּצי?

איהר קלאָגט אייך אויף די פּרעטענזיעס פון פאָטער און אויף דער מוטער'ס וואָרטשען?

די שלעכטע נאַטור האָט אַזוי געקאָנט איינאָרדנען דעם אקט פון ברענגען קינדער דורך בוטשאַנעס, אַז די פריילינס פצפּ־צים האָבען געקאָנט האָבען צו דריי—וואָס רעד איך — צו צוועלף פּאָר עלטערן.

איהר קלאָגט, וואָס עס איז פאַרהאַן אַזוי וועניג ביכער, וועלכע עס לוינט צו לייענען?

ווייסט איהר, אַז מענער, ווען זיי ווערען דערוואַקסען, מוזען זיי דיענען אין מיליטער? און וואָס וואָלט געווען, ווען דאָס געזעץ וואָלט בעפוילען די פריילינס לייענען די אַלע ערצעה־לונגען און לידער, וואָס זענען געשריבען געוואָרען דורך אונ־זערע פּיעל־שרייבענדע אויטאָרינס?

אייך דאַכט זיך, פריילין פציפּצי, אַז איהר זענט אַ ענגאָ־איסטין, דאָ ווידער —'אַז איהר זענט צו שטאַרק פיהלענד אויף יעדער אומגליק און אונגערעכטיגקייט?

דעם מענשענ'ס נשמה, פריילין פציפּצי, בעשטעהט פון אַ פאָדער־צימער, אַ בודואַר, אַ שלאָף־צימער, אַ זאַל, אַ עס־צימער, אַ קיך, אַ ספּיזשאַרניע און דעם אַלעס, וואָס מען רופט — בע־קוועמליכקייטען. דעם מענשענ'ס נשמה, פריילין פציפּצי, דאָס איז אַ וואוינונג מיט אַלע בעקוועמליכקייטען. אין בודואַר ווילט מען זיך אָדער מען זוכט אַיינדריקען, אין זאַל ווייזט מען אַרויס די מעלות פון קערפּער און געדאַנק, אי דאָס אי יענץ אין אַ ספּעציעלער בעלויכטונג און פּערפּודערט — און נישט אין אַ וואוינונג, גישט אין דער נשמה פון אַ מאָדערנעם מענשען איז נאָך נישטאָ—קיין ווינקעל פאַר געדאַנק און פיהלען. ניין אפשר? ס'איז דאָ אַ עס־צימער, אַ רויכער־צימער, אַ שלאָף־צימער, פאַרוואָס איז נישטאָ קיין טראַכט־צימער, אָדער אַ פּהל־צימער?

איהר האָט רעכט, פריילין פציפּצי, װאָס איהר האָט נישט קיין צוטרוי צו דער מאָדערנער ציװיליזאַציע. מ׳קאָן די ליעבּ האָבּען, אָט די מאָדערנע ציװיליזאַציע אונזערע, װי מ׳האָט ליעבּ אַ „װאונדער־קינד״, מ׳קאָן לעגען אויף איהר גרויסע האָפנונגען אין דער צוקונפט. גוט, װאָס מ׳ברענט שוין האָטש נישט קיין עפּילעפּטיקער אויף די שייטערס.

אַזוי, פריילין פציפּצי.

אפשר װעלען מיט דער צייט די פריילינס פּציפּצים נישט זיין קיין פריילינס פּציפּצים. זיי װעלען נישט דאַרפען שמייכלען צו ערנסט־טראַכטענדע יונגע לייט אין גוט־געשטעלטע אלמנ׳ס אָהן קינדער.

ס׳איז דאָ אַרבּייט, פריילין פּציפּצי, נאָר װעגען אַזױנע זאַכען פּאַסט מיר נישט צו שרייבען צו אַ יונגער פריילין. טראַכט אַלזאָ נישט װעגען אַרבּייט, נאָר טרייסט אייך מיט׳ן געדאַנק, אַז אַזוינע פריילינס פּציפּצים זענען דאָ זעהר אַ סך אויף דער װעלט.

אַ גרוס פאַר מניאַמני (פערקלענערט פון—יאַנינאַ) און פאַר בדזיזבדזיו (פערקל׳ענערט פון באָלעסלאַװ). די עלטערן קוש איך די הענד.

# אַוויזיט.

נעטראָפען האָב איך איהם שפּעט בייגאַכט אויף אַ הינ־
טער־גאַס.

ער איז צוגעגאַנגען צו מיר און אַ פרעג געטהון:

— וויפּיעל, פאַניע לעבען, איז דאָס דער זייגער אויף
אייער ציבעלע?

— מסתמא געהט עס אייך נישט וועגען דער צייט,
נאָר וועגען זייגער אַליין?—האָב איך זייטיג געענטפערט, לייכט
אַראָבגעהמענדיג דעם הוט.

— הער נור, איהר זעגט מיר גאָר אַ חכם.

— נישט פון איין אָזיוען האָט אַ מענש ברויט געגעסען,
מיין ליעבער.

— טאַקי אַזוי. אָבער גענוג דיר צו פלאַפּלען. גיב
נור, ברודערקע, די ציבעלע און ברעך דעם קאַרק.

מיין צופעליגער בעקאַנטער האָט געהאַט אויף אַזויפיעל
אַ אימפּאָנירענד אויסזעהן, אַז אַפילו דער אָווענד־טונקעל האָט
נישט בעוויזען איינגאַנצען צו פערשלייערן זיין מעגליכע געֿ־
שטאַלט. איך האָב בעשלאָסען צו זיין אויף וויפיעל מעגליך
נאָכגיביג, נאָך מעהר, ווייל זיין שטימע האָט געקלונגען מיט אַ פעסטיג־
קייט, אונטער וועלכער עס האָבען שוין אַרויסגעקוקט די ערשטע
פונקען פון אונגעדולד.

— מיין ליעבער און געשעצטער הערר...—האָב איך אָנ־
געהויבען.

— די געשעצטקייט בעהאַלט אין קעשענע, איך דאַרף
עס אויף כפּרות—האָט ער האַסטיג איבערגעריסען.

— אָבער ערלויבט מיר צו פערענדיגען—האָב איך איידעל

נעבעטען—איך װיל, אַז אײַך זאָל װערן קלאָר, דאָס איך בעזיץ נישט קײן זײַנערל. איך װיל נישט ליײקענען, אַז אַפּילו אין פאַל, װען די בעדינגונגען זאָלען זיך אַזױ אידעאַל צונױפּפלעכטען, דאָס הײסט—װען איך װאָלט צופעליג יאָ געװען אַ בעזיצער פון אַזאַ קאָסטבאַרע זאַך, פאַר װעלכע אַ זײַנערל װערט איבערגעלאָזט נעהאַלטען—װאָלט איך איהם דאַן אױך איבערגעלאָזט אין דער-הײם, און נישט געטראָגען בײַ זיך, אױסקלױבענדיג דיך אױף אַ שפּאַציער טאַקי אין די קאַנטען, װאו מיר האָבען אָט איצט דאָס פערגניגען אַזױ ליעבליך צו שמועסען.

די פיגור האָט אַרױסגעגעבען פון זיך עטװאָס אַזױנס, װאָס איז ענהליך געװען צו אַ מרוק. איך האָב מיך בעניצט מיט איהר דערװײַליגער אונבעשלאָסענקײט און װײַטער געצױנגען:

— פון ריכטיגקײט װעגען. מוז איך מודה זײַן, אַז איך בעזיץ אין דער רעכטער קעשענע אַ קופּערנעם צװײגער, װאָס איז בעשטימט אַריבערצוגעהן אין די הענד פון סטרוזש, אַלס לױהן פאַר'ן עפענען דעם טױער. איך מײן, אַז איהר װעט נישט װעלען צונעהמען בײַ אַ מענשען פון שװערער האָרעװאַניע— זײַן כשר פערדיענטען האָנאָראַר. דערבײַ װאָלט דאָס יאָגען זיך נאָך אַזאַ קלײנער סומע פערקלענערט אײַך אין אײַערע אײגענע אױגען, עס װאָלט נעװען אַ בעלײדיגונג, גלױב איך, פאַר דער אײדעלער מלאכה, מיט װעלכער איהר בעשעפטיגט זיך.

— הער נור, איהר האַלט מיך פאַר אַ גנב — װאָס?

— אָ, מײן הערר,—האָב איך אַ אױפגערעגטער איבערגע-ריסען — לאָמיר נישט אָנרופען די זאַכען מיט אַזױנע אונאַנגענעה-מע נעמען. אונזער שפּראַך איז גענוג בױגעװדיג, אום מ'זאָל דאַר-פען אַרױסזאָגען דאָס, װאָס קאָן צוליעב די אָרער יענע סבות זײַן נישט אַנגענעהם. איך האַלט אײַך פאַר אַ אינדיװידואַליסט, נעװיס אַביסעל נעװראַסטעניש, דאָס איז זיכער. נײן אפשר? — זאָגט אַלײן.

— װי דען? זעהט נור, זאָל אײַך װידער נישט דאַכטען, אַז איך בין עפּיס גלאַט אַזױ. האָ—האָ!

— אָבער נאַניץ נאַטירליך, צײַטענװײַז לענען זיך די לע-בענס-בעדינגונגען אַזױ װאונדערליך צונױף, אַז דעם מענשען

איז אַליין שווער זיך צו אָריענטירען אין דעם לאַבירינט פון פּאָסי־
רונגען, וואָס ציהען איהם אַריין אין דעם טומעל פון לעבען.
ביי אַ מענשען מיט העכערע געפיהלען קאָן זיך שטענדיג טרעפען
אַ גרויסע צאָהל פערשיעדענע צופעלינקייטען.

— אפשר נישט? אָט איך בין עס טאַקי, ווי איהר זאָגט.
איך האָב זיך געסטאַרעט, וויפיעל איך האָב נור געקאָנט. אָבער
איך בין געווען שוואַך אין געזונד, אָהן בעקאַנטשאַפט, אָהן געלד.
און געלד איז געלד; אָהן דעם איז נישט אַהין, נישט אַהער.
כ'האָב געאַרבייט, וויל כ'האָב געאַרבייט. ביז עס איז געקו־
מען די קרענק. נעה איך צו איין דאָקטאָר — פערשריבען טראָ־
פענס. ווי אַ טויטען באַנקעס. נעה איך צו אַ צווייטען—פער־
שריבען פילען. ווייטער נאָרנישט. נעה איך צו אַ דריטען, אַ וואוי־
לער מענש געווען. מאַכט ער אזוי: „מיין ליעבער, דו דאַרפסט
קריגען אַזאַ אַרבייט, אַז דו זאָלסט האָבען אַ סך פרישע לופט און
אַ סך בעוועגונג". נישט קיין מעראַן, נישט קיין יאַבייקע וועל
איך נישט פאָהרען, וויל כ'האָב נישט; האָב איך אויסגעזוכט
אַזאַ אַרבייט, וואָס שאַדט מיר נישט. דאָס געזונד איז יעדען ליעב.

— אָך, מיין ליעבער הערר, דאָס געזונד—דאָס איז אַ פער־
מעגען. (איך האָב איהם פריינדליך גענומען אונטער'ן אָרעם, און
מיר זענען נעגאַנגען מיט לאַנגזאַמע טריט). גראָד דאָס שעץ איך
אין אייך זעהר, וואָס איהר פערשטעהט עס. מיין הערר, בעוועגונג
און ריינע לופט — דאָס זענען פערמעגענס נישט אָבצושאַצען.

— אַודאי. נישטאָ נאָך אַזוי, ווי ליעגען אין שפּיטאָל.
וואָלט ביי אונז אין די וואַרשטאַטען זיין אַזאַ לופט און אַזאַ
ליכטיגקייט, וואָלט איך זיך איצט נישט בעדאַרפט היילען.

און פּלוצלינג האָט ער זיך אָבגערוקט פון מיר, וואָס
פאָרשענד אַ קוק געטהון און שאַרף געפרעגט:

— רעדט, וואָס איהר ווילט: איהר האַלט מיך פאַר
אַ גנב?

— אָך, אויב עס געהט אייך שוין אַזוי שטאַרק דערין,
זאָל זיין אַזוי. אָבער דער נאָמען אַליין האָט דאָך נאָך גאָרנישט
צו בעדייטען. אין יעדען פאַך, אָדער ביי יעדער מלאכה זענען פאַר־

האַן פערשיעדענע מענשען: שלעכטע, ערגערע און ערגי־
סטע; גוטע, בעסערע און בעסטע.

— פערשטעהט זיך.

— און מיט וואָס דאַרף עס אייער פאַך זיין ערגער פון
אַנדערע. דאָ דאַרף מען אויך מיה, איינפאַלען, פעהיגקייטען,
פּראַקטיק, אפילו גרויסע בילדונג, און דאָ איז נאָך פאַרהאַן
ריזיקע.

— אָ, וואָס נאָך פאַר אַ ריזיקע.

— גאַנץ נאַטירליך. איך וועל אפילו זאָגען, אַז אייער
פאַך שטעהט העכער פאַר אַנדערע דערמיט, וואָס דאָ הענגט
דער ערפאָלג אָב פון די פערזענליכע פעהיגקייטען, און נישט
פון בעציהונגען און פּראָטעקציעס.

— אודאי.

— זאָל זאָגען, ווער עס קאָן, אַז אייער ערפאָלג איז
שטענדיג פערבונדען מיט אַ פערלוסט פאַר אַנדערע. און אפילו
דאָ קאָן מען אויך נישט איינשטימען. אויב איך פערגעהם אין
טראַמוואַי דאָס לעצטע אָרט פאַר פינף קאָפּיקעס, צווינג איך
דערמיט אַליין דעם, וואָס איז נאָך מיר געקומען, ער זאָל בע־
צאָהלען מיט צוויי קאָפּיקעס מעהר, אָדער ער זאָל שטעהן אויף
דער פּלאַטפאָרמע אין דער קעלט, אָדער, אַנדערש גערעדט,—איך
בע'גנב'ע איהם אויף צוויי קאָפּיקעס אָדער אויף אַ בעקוועם
אָרט צו זיצען. אויב איך בין אַנ'אַדוואָקאַט און איך נעהם מיך
אונטער פיהרען אַ פּראָצעס, בע'גנב'ע איך דערמיט אַליין יענעם
עמיצען, צו וועמען מיין קליענט וואָלט זיך געווענדעט, ווען איך
זאָל נישט זיין. בין איך אַ דאָקטאָר, גנב'ע איך ביי מיינע קאָלע־
גען די קראַנקע און זייערע רובל'ס. בין איך אַ זשורנאַליסט,
בע'גנב'ע איך מיינע חברים אויף דער צאָהל קאָפּיקעס, וואָס קומט
אויס פאַר מיינע אַרטיקלען. און טאַקי דערפאַר זענען מענשען,
וואָס אַרבייטען אויף איין געביעט, געוועהנט צו קוקען איינער אויפ'ן
צווייטען, ווי אויף קעשענע־גנבים. שווער: איין מענש דעם אַנ־
דערען שטערט שטענדיג.

— אפשר נישט? ווי איינער. מיינער אַ נוסער ברודער

האָט זיך נעעפענט אַ שפּייז-געוועלבּ, האָבּען זיך איהם בּיים
זייט אַריינגעצוינגען נאָך צוויי.

— זעהט איהר דאָך אַליין. איך רעד נישט אין דעם מאָ-
מענט וועגען זיך, נאָר וויפיעל איז דאָס פאַרהאַן אָרענטליכע מענ-
שען נור דערפאַר, וואָס זיי האָבּען מורא.

— הער נור.

— איינער פרעגט איהם: „וואָס וואָלסטו געטהון, ווען
דו וואָלסט געפונען אויפ'ן גאַס טויזענד רובּעל אין אַקציעס?"—
„איך וואָלט גלייך אָבּגעגעבּען"—ענטפערט ער אָהן וואַקלע-
ניש. — „און ווען דו זאָלסט געפינען פינף טויזענד רובּעל אין הונ-
דערט-רובּעל'דיגע פאַפּיערלעך?"—„כוואָלט, פערשטעהט זיך, אָבּ-
געגעבּען"—ענטפערט ער טרויעריג; און אין זיך קלערט ער:
„וייל ס'קאָן זיין, אַז יענער האָט געדענקט די נומערן און האָט זיך
פערזיכערט". — „און ווען דו זאָלסט אַזוי געפינען צעהן טויזענד
רובּעל אין גאָלדענע מטבעות?"— ווערט יענער אָרענטליכער מאַן
געווים ענטפערן: „צו וואָס זאָל מען רעדען וועגען נישט געשטוי-
גענע זאַכען?"—„נו, אָבּער לאָ'מיר זיך דאָך פאָרשטעלען"... דער
אָרענטליכער וועט דערפיהלען, אַז אַ געדיכטער שווייס טרעט
איהם אַרויס אויפ'ן שטערן און—וועט שווייגען.

מיר זענען שוין אָבּגעגאַנגען אַ שטיק וועגס. אין דער
ווייט האָט אָנגעהויבּען צו לייכטען אַ לאַטערנע. מיין חבר איז גע-
ווען אַזוי פערנומען מיט'ן רעדען, אַז עס האָט אויסגעזעהן, ווי
ער זאָל נישט האָבּען בּעמערקט, אַז איך טראָג אויף זיך אַ גאַנץ
לייטישען מאַנטעל און גאַנצע שיך.

— איך וואָלט נאָך מעהר געזאָגט. גנבים מאַכען זיכער
אָן מענשען אַביסעל אונאַנגענעהמליכקייטען, האָטש דערפון,
וואָס אַ זייגערל פעהלט, איז נאָך קיינער נישט געשטאָרבּען,
און נור אין אויסנאַהמס-צופאַלען מאַכט דאָס פערליערען די
פאָרטמאָנעטקע אָן אַ שווערע לאָך אינ'ם בּודושעט פון דער
געוויסער פאַמיליע. פונ'עסטוועגען בּרענגען זיי אַ גרויסען נוצען,
און דאָס קאָן מען בּיי זיי נישט אָבּנעהמען.

— פערשטעהט זיך.—האָט מיין חבר בּעשטעטיגט—נו,
וואָג נור, גוטער בּרודער, וואָס פאַר אַ נוצען בּרענגען מיר עס?

— איהר לעהרנט מענשען צו זיין אויפמערקזאַם, בעדאַכט־זאַם, שטאַרקער היטען און מעהר שאַנעװען זייער פערמעגען. װען נישט איהר, װאָלט אַ מענש נעגאַנגען אין טומעל אַ פער־טראַכטער און מ'װאָלט איהם נעקאָנט איבערפאַהרען, צוטרע־טען, אָדער עס װאָלט איהם נעקאָנט טרעפען אַנ'אַנדער, נישט װעניגער שװערער אומגליק. ער װאָלט איבערגעלאָזט די װאוי־נונג אָפען, װאָס דאָס װאָלט שלעכט נעװירקט אויף דער זיכ־ליכקייט פון פרויען. און ענדליך, די גאַנצע שלאָסער־מלאכה, די גרויסע פאַבריקען פון קאַסעס, שלעסער, מאַשינאַציעס—װאָל־טען אינגאַנצען נישט עקזיסטירט.

אין דער מינוט זענען מיר שטעהן געבליבען בערך אַ צעהנ־דליג טריט װייט פון אַ פאָליצײ־פאָסטען.

— װאָס? איהר װעט מיך נאָך ציפיהרען װייטער?—האָב איך איהם פלוצלונג אַ פרעג געטהון.

— אַוודאי נישט.

ער האָט מיט פערדרוס אַ קוק געטהון אויף מיין מאַנטעל, פערדעכטיג אויסגעמאָסטען די גרויס פון מיינע קעשענעס און גע־זאָגט, האַלב טרויעריג, האַלב פערװאונדערט:

— אַי, ביסטו אַ ציגיינער, ברודערקע. האָט דיך דער טייװעל!

און איז צוריק פערשװאונדען געװאָרען אין פינסטער פון אַ הינטער־געסעלע.

# אַ שטעלע.

שוין פון פיער הדשים צייט האָב איך נישט געהאַט קיין שטעלע.

— און וואָס קאָן עס מיר אָנגעהן? — וועט אַ פרעג טהון דער גלייכגילטיגער לעזער.

איך ווייס, אַז איבערלייענענדיג די ערקלערונג, קאָן מיר נור יענער מיטפיהלען, וועמעס איז אַ יאָהר נאָך דער התונה געווען אַ טאַטע פון צוויי קינדער — אַ צווילינג (דאָס גאַנצע גליק, וואָס נישט קיין דריילינג); וועמעס האָט פערקויפט אַלץ, וואָס עס האָט נור, אויסער אַ אָנדענקען, געהאַט אַ געווייסען ווערטה; וועמעס איז אויף זיין לעבען הונדערט מאָל געצוואונגען געווען אויסצורופען אין ביוראָ פון רעקאָמענדירען שטעלעס: „גנבים זענט איהר, איהר נעהמט געלד, און גיט נישט קיין שום גאַראַנטיע, אַז דער קליענט וועט נאָכ'ן פערשרייבען זיך בעקומען האָטש עפּיס, זאָל זיין די ערגסטע שטעלע"; וועמען מ'האָט אין אַזאַ מין ביוראָ געענטפערט: „איך בעט אייך זיך בערוהיגען, וואָרום איך וועל אייך באַלד בעטען זיך אַרויסרוקען פון אונזער ביוראָ"; וועמעס האָט געענטפערט: „דאָס איז נישט קיין ביוראָ, נאָר אַ לאָך, אַ נאָרע, אַ הייל", צו וועמען עס איז ענדליך צוגעגאַנגען אַ שווייצאַר און געזאָגט: „זייט אַזוי גוט, געהט אַוועק"; נור יענער קאָן מיר מיטפיהלען, וועמעס איז טאָג-טעגליך אָבגעשטאַנען דריי שעה נעבען דער צייטונגס-שאַפקע, געצייכענט אַדרעסען, אום דערנאָך פופצעהן מאָל צו הערען: „דאָס אָרט איז שוין פערנומען", אָדער: „איהר וועט בעקומען הונדערט רובל אַ יאָהר. אויב איהר בעזיצט זיעבען אייראָפּעאישע שפּראַכען, דריי אַזיאַטישע און צוויי אַפריקאַנישע, אויב איהר בעזיצט סטענאָגראַפיע, דאָפּעל-

טע בוכהאַלטעריע מיט האַטשיקעס, אָדער דרייפּאַלע מיט קרוטשי-קעס א. אַז. וו." נור יענער קאָן מיר מיטפּיהלען, וועד עס האָט צו דריי, פיער מאָל פערשאָלטען אַלע לאָמבאַרדען, אַיין קאָנ-טאָרען, קאָמיסיאָנס-ביוראָ'ס, בילינע קיבען, די אַלע אַנשטאַלטען, וואָס גיבען אַרוים הלוואות מיט „פערזיכערונגען, גאַראַנטיעס, זשירעס", וועד עס האָט געוואָנט צו זיך אַליין: נישטאָ אויף דער וועלט קיין פריינדשאַפט; נישטאָ קיין טובות, נישט קיין גוטסקייט, גאָרנישט, נור וועלף".

פונקט אַזוי האָב איך גערעדט און האָב זיך שוין געקליי-בען מאַכען עפּיס „פאַר זיך אַ געשעפט" ווי, למשל, אַ ביוראָ פון רעקאָמענדירען שטעלעס, איך האָב שוין אַפילו געטונקט די פעדער אין טינטער, אויף אָנהויבען שרייבען אַ ביטע, וואו אין מיין צימערל איז אַריינגעפאַלען וולאַדעק, אַ צוהיצטער, מיט אַ פלעשעל אין האַנד.

— גוט מאָרגען איך!

— שטיל, צו אַל-די טייוועל, וועסט אויפוועקען די קינדער.

איך בין געווען אין כעס, פאַרוואָס ער איז אַזוי גוט אויפ-געלעגט.

— ש-ש-שטילער—האָט אַ שעפּטשע געטהון די מוטער פון צווילינג.

— שטיל!—האָט אַ סיקע געטהון די אַם פ'נ'ם צווי-לינג.

— די זאָך, זעהסטו, איז אַזוי, כ'האָב פאַר דיר אַ שטעלע.

— פרעהט עס מיך זעהר—האָב איך נישט גערן געענט-פערט.

אַיין וולאַדעק נור האָט זיך אויפריכטיג אינטערעסירט מיט מיר, נאָך די שעה'ן אַרבייט איז ער אַרומגעלאָפען מיט אַנ'אַרויסנעשטעקטער צונג איבער'ן שטאָדט, האָט יעדען דער-צעהלט וועגען דער „אומגליקליכער לאַגע פון זיין פריינד נאָך פון דער שול-באַנק", און פינקטליך יעדע צווייטע טאָג פלעגט ער אַריינפאַלען צו מיר מיט אַ געשריי:

— כ'האָב פאַר דיר אַנ'אויסגעצייכענטע שטעלע: 1500

רופל א יאָהר, װאוינונג, בעהייצונג, בעלייכטונג. איך זאָג דיר: א װאונדער!

דער רעװאלטאַט איז געװען, אַז ער פלעגט מיר אויפ־װעקען די קינדער, און אונז אַרויסגעפיהרט פון גלייכגעװיכט און פערװונקען נאָך אין א גרעסערען יאוש. פון אָנהויב פלעג איך זיך גום פאַלען אויפ'ן האַלז, דערנאָך האָב איך איהם נור הערצליך געדאַנקט, דערנאָך געזאָגט:

— מיר'ן זעהן.

און איצט האָט זיך מיר האַרציג געװאָלט זאָגען:

— געה דיר אין אַל־די טייװעל, מיין ליעבער, און װעק נישט די חברה.

װייל אַלע װלאַדעק'ס הונדערט און צװאַנציג רעקאָמענ־דאַציעס האָבען זיך מיט גאָרנישט אויסגעלאָזט.

— איך װייס, אַז דו גלויבסט מיר נישט,—האָט ער טרויעריג געענטפערט—אָבער דו װעסט זעהן, װעסט זיך איבערצייגען.

ער האָט אויפגעװיקעלט דאָס פּלעשעל פון פּאַפּיער, געבעטען א גרייצער. אויפגעעפענט. געבעטען א קעלישעק, נאָר װייל איך האָב קיין קעלישעק נישט געהאַט, האָט ער גענומען א גלאָז און ביז אין דער העלפט אָנגעפילט מיט בראַנפען, װאָס מ'רופט עס „מאָנאָפּאָלקע".

— נאַ, טרינק!

— ביסט משוגע געװאָרען?

— איך בעט דיך, טרינק.

— װלאַדעק, רייץ מיך נישט!—האָב איך א אויפגערעג־טער אויסגעשריען.

— אָבער איך בעט דיך, טרינק; איך שװער דיר ביי אַלץ, װאָס מיר הייליג איז, אַז דערפון העננט אָב די צוקונפט פון דיין פאַמיליע.

— אָבער איך טרינק קיינמאָל קיין בראַנפען נישט

— מוזט נור דאָס איין מאָל.

— אָבער אין װאָס נעהט עס דיר?

— װעסט זעהן; הער, קענסט דאָך מיך, װייסט דאָך, אַז איך בין דיר א גוטער פריינד.

— נו, גוט; לאָמיר זיך אָנטרינקען; אפשר וועלן די שכּורים נערעכט, וואָס זיי טרינקען, ווען דאָס לעבען איז אַזוי מאוס.

מיט איין אָטהעם האָב איך איבערגעקעהרט די גלאָז, אַז טרערען האָבען זיך מיר אויש פון די אויגען געגאָסען.

— אויסגעצייכענט!—האָט ער מיך אַרומגענומען, אויס־געקושט, פונקט ווי איך וואָלט כ'חיים אַליין נישט וואָס פאַר אַ חכמה אָבגעטהון.—און איצט טהו זיך אָן. נעהם דעם אַלטען מאַנטעל און די צוריסענע שיך, און קום.

דאָס ווייב האָט מיט פערבראָכענע הענד געקוקט אויף דער גאַנצער סצענע.

מיר זענען אַרויסגעגאַנגען. איך האָב אויסגעזעהן שרעק־ליך אין די שיך, וואָס זענען מיר פון די פיס געפאַלען, צורי־סענע הויזען, צודרעהטען הוט.

וולאַדעק האָט צוגערופען אַ דראָזשקע: מיר האָבען זיך אַריינגעזעצט.

— ס'דרעהט זיך דיר אין קאָפּ?

— ס'דרעהט זיך.

— אויסגעצייכענט.

נאָך עטליכע מינוט פאָהרען האָבען מיר זיך פערהאַלטען פאַר אַ גרויסע געביידע, אויף הויכע מאַרמאָר־טרעפ זענען מיר אַרויף, אויף אַ שטאָק, איך געדענק נישט אויף וועלכען, דער־נאָך איז נאָך עפּיס געווען, וואָס איך געדענק נישט, דערנאָך האָב איך זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ ווייכען פאָטעל און, ווי דורכ'ן שלאָף, געהערט, ווי וולאַדעק האָט דערצעהלט:

— אָט דאָס איז עס, הערר דירעקטאָר. איך האָב איהם אַרויס־געשלעפּט פון שענק, וואו ער האָט געטרונקען מיט חברה. טהוט נור אַ קוק, הערר דירעקטאָר, וואָס דאָס אומגליק קאָן פון אַ מענ־שען מאַכען. נאָך אַ וואָך אָדער צוויי אַזאַ לעבען, וועט דאָך עס שוין זיין איינגאַנצען אַ פערלאָרענער מענש. ער האָט אַ פרוי, קינדער;

איך האָב ברייט געעפענט די אויגען.

— איך בין נישט קיין שכּור,—האָב איך אויסגערופען, פלוצלונג אויפשטעהענדיג—איך האָב אַ פרוי און קינדער;

און איך האָב אָנגעהויבן שרעקליך וויינען.

— אָבער, מיין הערר,—האָט מיך דער דירעקטאָר בע־רוהיגט—האָט דאָך מיר דער הערר וולאַדיסלאַוו פאָרגעשטעלט אייערע פּאַפּיערען און רעקאָמענדאַציעס. אָבער, אַלס אַ אינטע־ליגענטער, פערשטענדיגער מענש, קאָנט איהר דען אַזוי פאַלען?

— דאָס איז אַלינען!—האָב איך זיך געפּרובט שיצען.

— ווי קאָן דאָס זיין, אַז איהר, אַ מאַן, אָנשטאָט צו בע־שיצען אייער פאַמיליע, וואָס שטעהט אין געפאַהר, היבט אַ הר נאָר אָן טרינקען? דאָס איז דאָך שרעקליך, דאָס איז שט־אָפענס־ווערטה.

— איך האָב קיינמאָל נישט געטרונקען.

— איך ווייס דאָך, אַז די שרעקליכע געוועהנהייט האָט אייך ערשט נישט לאַנג בעהערשט, צוליעב די צרות, וואָס זענען אויף אייך געקומען. אָבער דאָס קאָן דאָך ווערען חראָניש.

— איך טרינק נישט!—האָב איך מיט יאוש אויסגע־רופען, וועלענדיג ערקלערען דעם דירעקטאָר, אַז אין אַלץ איז שולדיג וולאַדעק, אָבער די צונג האָט זיך מיר געפּלאָנטערט און איך האָב מעהר קיין וואָרט נישט געקאָנט אַרויסרעדען.

— זעהט, ווי איהר זעהט אויס, איהר האָט דאָך קינדער!

— צוויי,—האָב איך צוגעוואָרפען.

— אַלזאָ, גוט; איך נעהם אייך צו; איבערמאָרגען קאָן אייער פריינד פערנעהמען די שטעלע,—האָט ער זיך געווענדעט צו הערן וולאַדעק'ן—די בעדינגונגען זענען בעקאַנט. נאָר, אויב עס וועט זיך אַרויסווייזען, אַז די געוועהנהייט האָט זיך שוין אַזוי איינ־געוואָרצעלט, אַז דער הערר וועט עס נישט קאָנען בעהערשען, וועל איך זיין געצוואונגען, כאָטש עס וועט מיר זיין זעהר אונאַנגענעהם, איהם נאָכ'ן חדש צו ענטזאַגען.

מיר זענען אַרויסגעגאַנגען. אריינגעזעצט זיך אין אַ דראָזשקע. וואָס נאָכהער איז געווען, געדענק איך אינגאַנצען נישט.

ווען איך האָב מיך אויפגעכאַפּט מיט אַ קאָפּ־ווערטאָג, איז שוין די זון געווען הויך, איבער'ן בעט איז געשטאַנען וולאַדעק.

— נו, וואָס, פיהלסט זיך גוט?

— אַזוי ויך.

דאס הייב האט מיר נענעבען מהיי מיט צייט.

— מארגען, ניין אזייגער, געהסטו אויף דער שטעלע.

— וואוהין?

— צוזאמען מיט מיר, אין דערזעלבער אנשטאלונג. 1200 רובל אויפ'ן אנפאנג און גראטיפיקאציע.

איך האב מיך אלץ דערמאהנט.

— זאג מיר, וואס האט דאס אלץ בעדארפט בעדייטען?

— זעהסטו, די מעשה איז אזוי: אויף דער שטעלע איז געווען צוועלף קאנדידאטען, יעדער פון זיי האט געהאט מעהר אדער ווייניגער פראטעקציע. דו האסט צווישען זיי געדארפט פער־פאלען ווערען אהן פראטעקציע. האב איך מיך אלזא בעמיהט דיך ארויסרוקען אויפ'ן ערשטען פלאן, אויסצוצייכנענדיג איינע פון די מענשליכע שוואכקייטען. זעהסט, אט אזא מין דירעקטאר אינ־זערער האט נישט קיין פארשטעלונג ווענען גאט, ער קען די נור פון ערצעהלונגען און טעאטער. ווען מ'זאל איהם זאגען, אז עמיצער האט א פרוי מיט צוויי קינדער און האט נישט קיין שטע־לע, וואלט ער עס דורכגעלאזט נעבען אויער: „וואס איז צוויי קינדער? מיט צוויי קינדער קאן זיך יעדער אנ'עצה געבען; ווען ער זאל האטש האבען פופצעהן"... און ער וואלט אבגענעבען די שטעלע איינעם פון די, וואס האבען פראטעקציע. אבער אז איך האב געבראכט דיך און האב געזאגט: „ער האט אנגע־הויבען צו טרינקען פון צרות", איז עס געווען עפעקטיש, דאס געוויסען האט זיך ביי איהם א ריהר געטהון. (און שטיל האט ער צוגעגעבען). מענשען זענען נישט אזוי שלעכט, ווי נאריש. פערשטעהסט?

איך האב עס נאך בעסער פערשטאנען.

דער דירעקטאר איז יעדע וואך צוגעגאנגען צו מיין טישעל, אויסגעפרעגט, צי עס „ציהט מיך נישט" אין שענק אריין. איך האב נישט געלייקענט, זאגענדיג, אז איך פיהל א עקעל צו בראנפען, ווארום אזוי איז טאקי אין דער אמתן און אזוי איז שטענדיג געווען.

וואלארעק האט רעכט:

1) דעם מענשענס צרות ריהרען נור דעמאלט, ווען עס

שמעקט מיט טעאטער, דראמע, אָבער שטילער אומגליק נעהט דורך פֿארביי די אויערן.

2) מענשען האָבען שרעקליך ליעב פֿערבעסערן, אויפֿהויבען, אָבער בעדייטענד װעניגער—אָבהיטען פֿון פֿאלען.

3) מענשען האָבען ליעב עפֿעקטען—המ! װי קינדער, װייל זיי זענען נישט אויף אַזויפֿיעל שלעכט, װי... זיי האָבען נישט ליעב צו טראַכטען.

זאָל זיין, װאָס עס װיל זיך, איך האָב אַ שטעלע, און דער דירעקטאָר איז זעהר צופֿריעדען, װאָס ער האָט אַרויסגעריסען פֿון תהום אַ פֿעהיגען מענשען, װאָס װאָלט פֿערלאָרען געגאנגען.

# צו וואָס?

— זאָגט מיר נור, פּאַניע יאַן, פאַרוואָס לעבט איהר? פאַן יאַן האָט קינדערש-נאַאיוו אויף מיר אַ קוק געטהון.

— ווייל איך בין געבאָרען געוואָרען — האָט ער געענטפערט.

— זעהר שען. אָבער איהר האָט דאָך געקאָנט שטאַרבען, ווייענדיג אַלט אַ יאָהר, צוויי, דריי, פיער יאָהר...

— נו, אָבער איך בין נישט געשטאָרבען.

— לעבט איהר אַלזאָ נישט נור דערפאַר, וואָס איהר זענט געבאָרען געוואָרען, נאָר אויך דערפאַר, וואָס איהר זענט נישט געשטאָרבען?

— נו יאָ. איך לעב דערפאַר, ווייל איך בין געבאָרען געוואָרען און בין נאָך נישט געשטאָרבען.

— אויסגעצייכענט. און פון וואָס פאַר אַ סבות שטאַרבען מענשען?

— פון פערשיעדענע... אָבער צו וואָס איז עס?

— פון פערשיעדענע, זאָגט איהר. ריכטיג! איער אַם האָט אייך געקאָנט אויף דר'ערד אַראָבלאָזען, פערד האָבען אייך געקאָנט אויף טויט איבערפאָהרען, איהר האָט זיך געקאָנט אָבברענען מיט בענזין, אַרויספאַלען פון פענסטער, דער סופּיט האָט זיך געקאָנט איבער אייך אָבּרייסען, די באַהן צושניידען, איהר האָט זיך געקאָנט אָנשטעקען מיט קרעץ, סקאַרלאַטינע, טיפוס, פּאָקען — און סוף-כל-סוף פון מאָזלען שטאַרבען אויך קינד'ער.

— און איך האָב געהאַט מאָזלען.

— נו זעהט איהר. טאָ פאַרוואָס-זשע אַלזאָ זענט איהר נישט געשטאָרבען?

— איך בין נישט געשטאָרבען, ווײל די אָס האָט מיך נישט אַראָבגעלאָזט, פערך זענען מיך נישט איבערגעפאָהרען, איך בין נישט דערטרונקען געוואָרען אין טײך, כ׳האָב מיך נישט פערברענט מיט בענזין... אָבער צו וואָס איז דאָס?

— מיר׳ן באַלד זעהן... פאַרוואָס האָט אײך די אָס נישט אַראָבגעוואָרפען אויף דר׳ערד?

— מסתמא ווײל זי איז געווען פאָרזיכטיג און גע־זונד.

— אָהן ספק. און אָט די מעלות איהרע זענען אָבהענגיג געווען פון פערשיעדענע אַנדערע סבות: פונ׳ם אײנגעבאָרענעם האַראַקטער, וואָס איז פון דור צו דור איבערגעגאַנגען בירושה, און פונ׳ם אײנפלוס פון דער ערציהונג, וואָס זי האָט בעקומען, ביז צו דער רגע, ווען זי איז געוואָרען אײער אָס; פון די פיזי־שע קרעפטען, וואָס זי האָט פון איהרע עלטערן געירש׳ענט; פון דער צאָהל און נאַהרהאַפטיגקײט פון די שפײזען, וואָס זי האָט בעקומען, אַפּילו ביז צו דער רגע, ווען זי איז געוואָרען אײער אָס. אָבער פאַרוואָס איז זי געווען אײער אָס?

— די עלטערן האָבען איהר דערפאַר געצאָהלט.

— זעהר אַ ריכטיגע בעמערקונג. די עלטערן האָבען איהר געצאָהלט, הײסט עס, אַלזאָ, אַז זײ האָבען איהר געקאָנט צאָה־לען, הײסט עס, אַלזאָ, אַז זײ האָבען געהאַט געלד. און דער פאַקט, וואָס אײערע עלטערן האָבען געהאַט געלד, שטאַמט ווײ־טער פון פערשיעדענע אַנדערע סבות.

— נו יאָ, יאָ. כ׳פערשטעה. אָבער צו וואָס איז עס?

— ערשט זײט אַזוי גוט און ערקלערט מיר, פאַרוואָס האָט אײער בענזין־מאַשינקע נישט עקספּלאָדירט?

— איך האָב זיך געקענט מיט איהר בענעהן.

— יאָ, אָבער מ׳קאָן נישט לײקענען, אַז אַפילו בײ דער גרעסטער פאָרזיכטיגקײט האָט געקאָנט טרעפען אַן׳אומ־גליק.

— דער רעזערוואואַר האָט געקאָנט פּלאַצען.

— פאַרוואָס־זשע האָט ער אַלזאָ נישט געפּלאַצט?

דאָ האָט פאַן יאַן אַ קוק געטהון אויף מיר מיט אַ בליק,

וואָס איז געווען אַזוי פול פערוואונדערונג, אַז איך אַליין האָב מיך אַזש פערוואונדערט, און ער האָט געזאָגט מיט אַ ציטערנדער שטימע:

— ווילט איהר דען אויף אַזאַ אופן בעטראַכטען די אַלע סבות, פאַרוואָס פערד זענען מיך נישט איבערגעפאָהרען, דער סופיט האָט זיך נישט אָבגעריסען, די באַהן נישט צושניטען?

— פערשטעהט זיך, פאַניע יאַן.

— אָבער איך וועל דאָך דעם זינען פערליערען.

ער האָט בעטענד אויף מיר אַ קוק געטהון. איך האָב דערפיהלט מיטגעפיהל צו מיין קרבן.

— זאָל שוין זיין אַזוי. לאָמיר זיך אָבשטעלען דערויף, וואָס איז שוין געזאָגט. אָבער איהר מוזט מיר מודה זיין, אַז עס עקזיסטירט אַנ'אונענדליכע צאָהל סבות, וואָס האָבען זיך צוזאַמענגעלעגט דערויף, וואָס איהר זענט נישט געשטאָרבען.

— איינשטימיג: באמת טאַקי—אַ אונענדליכע צאָהל.

— פערשטעהט איהר אָבער, וואָס הייסט עס אַזוינס: אונענדליכקייט?

— כ'פערשטעה, דאָס הייסט, מעהר, ווי הונדערט.

— און מעהר, ווי הונדערט טויזענד.

— מיין הערר, עס דרעהט זיך מיר שוין אין קאָפּ.

— דאָס איז גאָרנישט.

איך האָב זיהם ערלויבט אַביסעל זיך אָבצורוהען.

— און איצט זאָגט מיר נור, פאַרוואָס זענט איהר געבאָרען געוואָרען?

— דאָס איז דאָך קלאָר: ווייל מיין פאָטער האָט חתונה געהאַט מיט מיין מוטער.

— און נאָר? האָט דאָך אייער פאָטער געקאָנט חתונה האָבען, און אייער מוטער האָט געקאָנט אַ ווייב ווערען פאַר אַנ־אַנדערען?

— נו, יאָ. אָבער זי איז דאָך נישט געוואָרען.

— ווייל אייער פאָטער איז געפעלען געוואָרען אייער מוטער און פערקעהרט. ווייל זי איז געווען שען, מן הסתם פערמעגליך, ווייל צוליעב די אָדער יענע אורזאַכען האָבען

זיי זיך געטראָפען צום ערשטען מאָל, צום צווייטען מאָל—זיי האָבען זיך איינער צום אַנדערען דערנעהנטערט, בעפריינדעט זיך. דאָ געהט שוין אריין אין דער שפיעל דער קאָליר פון איער מוטערס האָר, אפשר דער שניט פונ'ם קלייד, דאָס גלויבען, דער שטאַנד, די פאַמיליע, די וואָנסעס, די בילדונג.

— אָבער צו וואָס איז דאָס אַלץ? אויב מ'זאָל דאָס אַלץ מיט איין מאָל בעטראַכטען, אָבשטעלען זיך אויף אַלץ...

— אינטערעסירט אייך אַלזאָ אינגאַנצען נישט די אויף אַזויפיעל וויכטיגע רעטעניש: פאַרוואָס לעבט איהר?

— אדרבא, עס אינטערעסירט מיך. נו, ענדיגט שוין גיכער.

— כ'וועל ענדיגען. אדרבא. לאָמיר גור בעטראַכטען די אורזאַכען, וועלכע עס האָט צו פערדאַנקען די עקזיסטענץ פון איער פאָטער, הערר יאַן, און איער מוטער...

— אָבער אַזוי, וועט דאָך גאָר קיין סוף נישט זיין.

— פערשטעהט איהר שוין איצט אַלזאָ, וואָס דאָס הייסט: אונענדליכקייט?

— כ'פערשטעה: צוויי באָבעס, פון טאַטענס צד און פון דער מאַמעס צד, און צוויי זיידעס, און דערנאָך שוין פיער עלטער-באָבעס און פיער עלטער-זיידעס, דערנאָך צו אַכט עלטער-עלטער-באָבעס און עלטער-עלטער-זיידעס, דערנאָך צוויי און דרייסיג עלטער-עלטער-עלטער... ניט מיר אַ גלעזעל וואַסער.

— ביטע זעהר, פאַניע יאַן, מיין ליעבער פאַן יאַן... ס'וועט אַריבער.

— נו שוין... אָבער הערט שוין אויף.

— איך האָב שוין געענדיגט. לאָמיר איצט איבערגעהן צו אַנ'אַנדער טייל... ווען איהר זאָלט נישט אַטהעמען עטליכע מינוט, וואָלט איהר געקאָנט לעבען?

— כ'וואָלט דערשטיקט געוואָרען.

— און ווען איהר זאָלט נישט עסען אַ וואָך אָדער צוויי וואָכען?

— וואָס רעדט איהר; איך וואָלט אין צוויי טאָג געשטאָרבען פאַר הונגער.

— אלוא, איהר, אייער פאטער און מוטער, באבע און זיידע, האבן געאטהעמט, גענעסען. לעבט איהר. אלוא דערפאר, ווייל איהר אטהעמט און עסט?

— איך לעב דערפאר, ווייל איך אטהעם און עס.

— און מיט וואס אטהעמט איהר?

— מיט לופט... מיט די לונגען, ווייס איך...

— און מיט וואס עסט איהר?

— מיט די צייהן, מיט דער צונג... מיט'ן האלז... מיט'ן מאגען... נו, איך ווייס נישט סוף-כל-סוף.

פאן יאן איז געווען איננאנצען ערשעפט. די אויגען זענען איהם אויסגעלאשען געווארען, די נאז אויסגעצויגען, די פערבאקענע ליפען האבן זיך פויל געריהרט, די ווינקלען פון מויל האבן זיך אראבגעלאזט, ווי צום וויינען.

— זענט איהר מיר ערשט מודה, אז איהר האט נישט געוואוסט, פארוואס איהר לעבט? זענט איהר מיר מודה, פאניע יאן, אז מיין פראגע, וואס זעהט אויסערליך אויס אזוי פשוט, האט זיך ארויסגעוויזען פאר אונענדליך קאמפליצירט און פערוויקעלט?

— מודה.

— זענט איהר מיר מודה, אז יעדער מענש, וואס לעבט, איז מחויב האטש אביסעלע וויסען, פארוואס ער לעבט?

— נו יא... אבער זעהט איהר, אז מען ווייס שוין אלסדינג, איז דעם מענשען דערנאך עפיס וואונדערליך, ווייל איהם דאכט זיך, אז ער האט נאר קיין בעדייטונג נישט אויף דער וועלט... פריהער האט זיך מיר געדאכט, אז איך בין טאקי עטוואס ווילטיגעס, און איצט...

— איהר האט א טעות. אז מען ווייס—נישט אלץ, ווייל אלץ ווייס מען נישט, נאר אביסעל,—ווערט דעמאלט פאר'ן מענשען קלאר צו וואס ער לעבט. מיר האבן בעטראכט אין קורצען, פאניע יאן, **פארוואס** איהר לעבט; ווילט איהר ערשט צוקוקען זיך צו דעם, **צו וואס** איהר לעבט?

דער הערר יאן האט זיך ארים געטהון פון שטוהל און איז ארויסגעשפרונגען דורכ'ן פענסטער. די „ניכע הילף" האט איהם געראטעוועט.

# פראַנעק.

— ווייסט איהר, ווער עס איז נאַשינסקי?(*

— מיר ווייסען.

— און קאַוועצקאַ?(*

— מיר ווייסען.

— און מאַרנאַ קאַפּטאַל?(*

— מיר ווייסען.

— אַלע בעריהמטע פּערזאָנען פון וואַרשא, פון גאַנצען קאַנט און פון אויסלאַנד קענט איהר?

— מיר קענען.

— און פראַנעק'ן קענט איהר?

— וועלכען פראַנעק?

— נו, פראַנעק'ן, וואָס האָט נישט קיין פאַמיליע-נאָמען?

— ניין, מיר קענען נישט פראַנעק'ן.

— זעהט איהר.

פראַנעק האָט טאַקי באמת קיין פאַמיליען-נאָמען נישט; נאָך איידער ער איז געבאָרען געוואָרען, האָבען שוין לייט געוואוסט, אַז ער וועט קיין פאַמיליען-נאָמען נישט האָבען, און ער איז זיך, נישט קוקענדיג דערויף, געבאָרען געוואָרען.

איהר שטעלט אייך עס פאָר? אַזאַ יונגאַטש, קוים פופציג צענטימעטער די לענג, און ווייס זיך שוין, דער גנב, צו רייצען זיך, און האָט שוין, ווי אָבלאַבענדיג פון אַליך, געהאַט די העזה געבאָרען צו ווערען נישט נור אָהן אַ פאַמיליען-נאָמען, נאָר

---

*) ארטיסטען פון ווארשעווער טעאַטערס.

כמעט ווי אָהן אַ טאַטען, און אָהן נאָך אַ סך אַנדערע פֿאַר־מאַליטעטען.

— צי האָט זיך פֿראַנעק שטיל, אומבאמערקזאַם אַריינ־געשלייכט צווישען די קעניגע פֿון דער לעבעדיגער וועלט?

ווי קומט עס: געשריען, געריסען זיך, געוואָרפֿען מיט די פֿיס, פונקט ווי ער זאָל האָבען נישט איינעם, נאָר דריי, און דאָס אויך בעריהמטע, טאַטעס.

— אַ נגהאַלדינגע זאַך—נישט אמת?

— אַודאי, ווי דען.

— איך מיין אויך אַזוי.

שווער: ס'איז שוין אַזוי.

— נעבאָרען ווערען—הייסט נאָך נישט—לעבען. פֿראַנעק האָט זיך נאָך געקאָנט רעאַבּיליטירען. ער האָט געקאָנט אין צוויי, דריי, אָדער עלף מאָנאַטען נאָכ'ן געבאָרען ווערען—שטאַרבען. אַזוי טהוען אַ סך קינדער, נישט נור אָהן אַ פֿאַמיליען־נאָמען, נאָר אָפילו מיט אַ נאָמען. קוקט זיך אַרום דער יונגערמאַנטשיק איבער'ן שטיבעל: דושנע, פֿינסטער, ברודיג, הונגעריג,—נעהמט ער זיך צונויף זיינע פעקלעך און פֿערגרעסערט די צאָהל מלאכים'לעך, האָטש וועגען דעם שרייבט קיין איין ציטונג נישט.

פֿראַנעק אָבער—איז אַנ'אַנדערע זאַך: א'יף צו להכעיס דער וועלט, האָט ער בעשלאָסען—לעבען. איהר שטעלט אייך פֿאָר?

די מאַמע האָט איהם אָבגעגעבען צו אַנ'אַם—ער גאָרנישט. צוויי חדשים האָט די מאַמע פֿאַר איהם נישט געצאָהלט—ער גאָר־נישט. זיינע דריי הברים האָבען פֿערלאָזט אָט די מאוס'ע וועלט פון פֿאַמיליען־נאָמען—ער גאָרנישט. זיין ערציהערין האָט איהם אַ שליידער געטהון—כמעות—אויף דר'ערד—ווי נישט איהם מיינט מען עס. אַז ער האָט שוין געזעהן, אַז אַנדערש קאָן מען נישט, האָט ער בעקומען די ענגלישע קראַנקהייט (בלשון החכמים הייסט עס: ראַהיטיס)—אָבער נישט קוקענדיג דערויף, האָט ער געלעבט; איינגעשפאַרט זיך, פֿערביסען די יאַסלעס (קיין ציינער האָט ער נאָך נישט געהאַט)—און געלעבט.

וואָס קאָן מען מיט אַזעלכען טהון?

די נעזעלשאַפט צו פערהיטען חיות זאָרגט זיך וועגען
אַ הונד אָהן אַ בעל־הבית, אָבער נישט וועגען קינדער—אָהן אַ פאַ-
מיליען-נאָמען. האָט זיך פראַנעק אַלוזאָ געקאָנט אַרומשלעפען,
נישט צוזיהענדיג קיינעמס אויפמערקזאַמקייט. יאָ, יורידיש גענומען,
האָט ער געקאָנט, ער האָט אָבער נישט געקאָנט פאַקטיש: ער
האָט נאָך נישט געקענט גערן. איך, צום ביישפיעל, קאָן האָבען
אַ הויז, אָבער פאַר וואָס וועל איך עס קויפען?
פערשטאַנען?!

פראַנעק איז אַלטט געווען פיער יאָהר, ווען ער איז אַוועק
אויף אַ שטעלע. איך בעט אייך נישט אָננעהמען עס בוכשטעבליך:
אַ פיער-יאָהריג קינד, זאָל זיין אַפילו איינגאַנצען אָהן אַ פאַמי-
ליען-נאָמען, וועט נישט זיין קיין לאַקיי ביי אַ דאָקטאָר,
נישט קיין פראָטער ביי אַן אַדוואָקאַט, נישט קיין משרת אין
אַ לאָמפען-סקלאַד, ווייַן-האַנדעל, אָדער אַפילו אין אַ טראַקטיר.
נאָר פראַנעק האָט געווינט דער מולערקעס צווילינג און אויס-
געטרונקען זיי דאָס מילך. די מולערקע האָט זיך אַרומגעזעהן,
אַז פראַנעק טרינקט אויס דאָס מילך, האָט זי איהם געשלאָגען
מיט אַ פוסט טעפעלע איבער׳ן קאָפּ. זי האָלט איהם אָבער געשלאָ-
גען, ווען ער זאָל אַפילו דאָס מילך נישט אויסטרינקען.

אַז ער איז אַלט געווען זיעבען יאָהר, האָט פראַנעק אויפ-
געגעסען אַ טוץ וואורשטלעך. די מעשה איז געווען אַזוי: דער
באָנדער האָט פערבעטען צו זיך געסט, זיך אָנגע׳שכור׳ט, און
טראָגענדיג די וואורשטלעך פאַר די געסט, האָט ער זיך איבערגע-
קעהרט און פערלאָרען דאָס פעקעל. עס טרעפט, אַז עס שכור׳ט
זיך אָן נישט נור אַ באָנדער, נאָר אויך אַ אַפטייקער, און אַ סטו-
דענט פון מעדיצינישען פאַקולטעט, און אַ סעקרעטאַר פון אַ קאָנ-
סערוואַטיווער צייטונג, נאָר דאָס איז גאָרנישט. גענוג, אַז פראַנעק
האָט אויפגעגעסען פאַר אַמאָל אַ גאַנצע טוץ וואורשטלעך און
אַ שטאַרקע קראַפט איז אין איהם אַריינגעטראָטען.

ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפ׳ן העכסטען שטאַפעל
פון לייטער (נישט פון דער געזעלשאַפטליכער היעראַרכיע,
נאָר פון טויבענשלאַק) און אַ טראַכט געטהון:

די אײדעלסטע מענשען אויף דער װעלט װענען װאָנט, װאָס איהר װילט — נור שכּורים.

און אַזוי װי אַ פונק פון אידעאַלען נעפינט זיך אַפילו אין נשמות אָהן פאַמיליען-נעמען, האָט פראַנעק בעשלאָסען
אין נשמות אָהן פאַמיליען-נעמען, האָט פראַנק בעשלאָסען
זיין אַ אײדעלער מענש, דאָס הייסט — זיין אַ שכּור און פעליעטאָן װאודשטלעך.

װייסט איהר, װער עס האָט דעם פינפטען אָקטאָבער, יאָהר 1897, אַריינגעװאָרפען אַ מױז אין פּאָסט-קעסטעל אויף הלאָדנאַ גאַס? און װען די פּאָסט-בעאַמטע האָבען אויסגעשאָטען די בריעף, איז די מױז מיט אַ קװיטש אַנטלאָפען, און אַלע האָבען זיך איבערגעשראָקען און נאָכהער האָבען אײנינע געלאַכט און אַנדערע זיך געװיצעלט. װייסט איהר, װער דאָס האָט געטהון?

— מיר װייסען נישט.

— טאַקי פראַנעק.

— און װייסט איהר, װער עס האָט צוהאַקט אַ שויב פון דער לאַטערנע אין די ירוזאַלימסקע אַלעען?

— מיר װייסען נישט.

— אויך פראַנעק.

— װייסט איהר, װער עס האָט אָנגעשריבען אַ ליעד אונטער'ן נאָמען: „Evviva l'arte" ? (*

— טעטמאַיער.

— זעהר גוט. און װייסט איהר, װעלכע אָפּערע עס האָט אָנגעשריבען מעלצער? (**

— „מאַריע".

— אויסגעצייכענט. און װייסט איהר, װער עס איז דער דירעקטאָר פון פילהאַרמאָניע?

— רייכמאַן.

— און װאָס איז די פּערל פון די טעאַטרען?

— זאַקאָפּאַנע און מאָרסקיע אָקאָ.

---

*) „זאָל לעבען די קינסט" — אַ ליעד פון'ם בעװאוסטען פּױלישען דיכטער ק. טעטמאַיער.

**) אַ פּױלישער קאָמפּאָזיטאָר.

— זעהר שען, דאָס אַלץ דאַרף מען וויסען.

פראַנעק האָט זיכער נישט געוואוסט, אַז אַריינוואַרפענ־דינג אַ מויז אין פּאָסט־קעסטעל, און דערצו נאָך אַ מויז אָהן אַ מאַרקע, רייצט ער דערמיט אָן אויף זיך די פערוואַלטונג פון פּאָסט און טעלעגראַפען.

ברעכענדיג די לאַטערנע, האָט פראַנעק דערמיט אַליין זיך פערטשעפּעט מיט'ן מאַגיסטראַט פון דער שטאָדט וואַרשאַ.

אין אפשר האָט ער געוואוסט, נאָר ער איז שוין געווען אַזאַ צו'להכעיס'ניק, אַזאַ עזות־פּנים, אָט דער צעהניאָהריגער לאָבוס, אַז קיין זאַך האָט איהם גאָרנישט געאַהרט.

מ'האָט איהם געלאָזט געבאָרען ווערען, מ'האָט איהם גע־לאָזט גנב'ענען ביי די היהנער קאַרטאָפעל, מ'האָט איהם געלאָזט געהן אויף קרומע פיס, מ'האָט איהם געלאָזט, די פיס זאָלען זיך ביי איהם אויסגלייכען (מעגליך, אַז פון יענער טוץ וואורשטלעך), און ער האָט נישט געפיהלט, נישט קיין דאַנקבאַרקייט, נישט קיין אונטערגענעבענקייט, נישט קיין אַכטונג פאַר קיינעם.

ווער איהר גלויבען, אַז דער ביי איצטיגען טאָג פיער־צעהניאָהריגער יונגעל איז געווען נישט לאַנג בעשריבען אין אלע צייטונגען?

— ער איז אַריינגעטראָטען אין טעאַטער?

— ע, ניין.

— אָנגעשריבען אַ ליעד?

— אויך נישט.

— ער האָט זיך דערטרונקען אין מאָרסקיע אָקאָ?

— אַ נייע נייעס. ער האָט בע'גנב'עט זיין פּרינציפּאַל און דער פּרינציפּאַל האָט איהם געפּאַקט ביי דער האַנד.

— געפּאַקט?

— נו יאָ: שלעכטס וועט זיך שטענדיג ענטפּלעקען, אַנ'עולה וועט שטענדיג אַרויס, ווי בוימעל אויפ'ן וואַסער, און די האַנד פון גערעכטיגקייט וועט שטענדיג גרייכען דעם פער־ברעכער.

— אַזאַ יונגעל—נו, נו! וואָס קאָן עס שוין דערפון אויס־וואַקסען.

— זעהט איהר? װײסט איהר ערשט, װער פּראַנעק איז?
— מיר װײסען: אַ גנב.
— װײסט איהר, װער דער גרעסטער פּױלישער מאַלער איז?
— מיר װײסען: כאַטײקאָ! נישט אמת: מאַטײעװסקי!
אַלײנען: גאָר פּאָפּאָװסקי! נידער מיט איהם: זאָל לעבען קאָססאַק! װיװאַט פּאַלאַט!
— אָבער, מײנע העררען, שטילער! אין װאו איז מאָרסקיע אָקאָ?—אין די טאַטרען.
— אויסגעצײכענט. אַלבדינג דאַרף מען װיסען: אז װער פּראַנעק איז, און װער קאַװאַלערי איז.
פערשטאַנען?..

# בערוף.

נעהעהנליך זאָגט מען אַזוי:

— דער הערר װלאַדיסלאַװ איז אַנ'אַדװאָקאַט, דער הערר פּיאָטר איז אַ חעמיקער, דער הערר קאַזימירוש איז אַ לעהרער, דער הערר יאַן איז אַ דאָקטאָר.

דאַרפען אָבער האָט מען על-פּי-רוֹב געדאַרפט זאָגען:

— די אומשטענדען פון לעבען האָבען געמאַכט דעם הערר װלאַדיסלאַװ פאַר אַנ'אַדװאָקאַט; די אומשטענדען פון לעבען האָבען געמאַכט דעם הערר פּיאָטר פאַר אַ חעמיקער; אַ דאַנק נעהיסע בעדינגונגען איז דער הערר קאַזימירוש געװאָרען אַ לעהרער א. א. װ.

עס איז, דאַכט זיך, אַלץ אײנס, און פאָרט נישט. איך װעל דאָס אײך באַלד ערקלערען...

איך װײס נישט, מײן לעזער, װאָס דו ביסט, נאָר לאָמיר אָננעהמען, אַז דו ביסט, אָדער ריכטיגער, אַז דו אָנערקענסט זיך— פאַר אַנ'אַדװאָקאַט.

און איצט בעטראַכט דיך נוט, בעשליס דיך און ענטפער מיר:

צי האָסטו געמוזט װערען אַנ'אַדװאָקאַט, און װעלכע בעדינגונגען האָבען מיטגעבראַכט דערצו, אַז דו זאָלסט װערען גראָד אַנ'אַדװאָקאַט און נישט קײן אַנדער זאַך?

צי װאָלסטו נישט געקאָנט אַלץ אײנס זיך אָנרופען הײנט טעלעגראַפיסט, מוזיק-לעהרער, בעזאָרגער פון לװיה-אױס-שטאַטונגען, שטײער-אינספעקטאָר, טאַקסאַטאָר פון אַ לאָמבאַרד, דענטיסט, אגראָנאָם, אָקסען-פיטערער, אַקושאָר, טראַמװײ-קאָנדוק-

טאָר, ביער-ברויער, גאַרבער, פּערקויפער אין אַ מאַנאָפאָל-קראָם אָדער פערוואַלטער פון אַ האָטעל?

צי וואָלסטו אָהן דער פּערמענליכקייט פון דיינע עלטערן, נישט אין דער געאָגראַפישער לאַגע און נישט ביי די לעבענס-אומשטענדען — אויך געוואָרען דאָס, וואָס דו ביסט כלומר׳שט?

צי וואָלסטו, ווען דו זאָלסט געבאָרען ווערען אויפ׳ן ברעג ים אין אַנ׳אָרים פישער-הייזעל, איצט נישט געווען אַ מאַט-ראָז? צי וואָלסטו נישט אַרומגעשוואומען איבער די וואַסערן און דיך געיאָגט נאָך פיש, אָנשטאָט צו שטעהן אין געריכטען, שרייבען אָנקלאַגעס און „פּראָשעניעס" און אַרומלויפען איבער די קאַנצעלאַריעס?

צי וואָלסטו, ווען דיין טאַטע וואָלט האָבען אַ שפּייז-געוועלבעל אויף עק טאַמקאַ און סאָליעץ, אָדער אַ שוסטער-וואַר-שטאַט אויף װוראָניאַ, — צי וואָלסטו איצט נישט געהאַלטען אַ וועש-מאַנגעל אויף נאָוואָגראָדקאַ, אָדער געווען אַ קעלנער אין אַ רעסטאָראַציע, אָדער אַ מייסטער אין אַנ׳אייזען-פאַבריק?

מיין לעזער-דאָקטאָר! ווען דיין מאַמע וואָלט אין איהר צייט געווען די ערשטע נאַאיווע אויף דער סצענע פון דראַ-מאַטישען טעאַטער — צי וואָלסטו איצט נישט געשפּרונגען אין באַלעט, אָנשטאָט צו קלאַפּען ביילער; צי וואָלסטו איצט נישט געזונגען: „עס רוישען די יאָדלען" — אָנשטאָט צו פער-שרייבען „אָלעאום ריציני"?

מיין לעזער-שריפטשטעלער! ווען דיין פּאַפּאַ וואָלט האָ-בען אַ פאַרבעריי, אַ פאַבריק פון פּאָמאַדע צו פּוצען זילבער, אָדער אַ פאַבריק פון סאָדע-וואַסער — צי וואָלסטו איצט נישט געווען אַ העמיקער און נישט געפּראַוועט עמס- און סאָדע-וואַסער, אָדער אַ שמירעכץ צו מאָזאָליעס, אָנשטאָט צו שרייבען ערצעה-לונגען אָדער אַרטיקלען?

צי וואָלט איהר אונטער דעם ברענענדען איטאַליעני-שען הימעל ביידע נישט געווען ניכער פּלאַנטאַטאָרען פון אַנ-אַנאַסען, אָדער עקספּאָרטערען פון פּאָמעראַנצען און ציטרינען?

ווען איהר וואָלט געבאָרען געוואָרען אין שכנות פון אַ קירך, וואָלט איהר אפשר געווען אָרגעל-שפּיעלער; וואָלט

איהר אויפנעהאָדעוועט געוואָרען צווישען כאַהן-דינער—האַלט איהר געווען איצט קאָנדוקטאָרען, נאַטשאַלניקעס פון אייזענבאַהן-סטאַנציעס, אָדער מאַשיניסטען פון פאַסאַזשיר-צוגען...

ווען א מוהמע, א בעזדיעטניצע, וואָלט דיר אָבשרייבען אין איהר צוואָה א הויז אויף שיענאַ-גאַס, וואָלסטו איצט, מיין לעזער-קאַסיר, געווען א פאַבריקאַנט פון אויטאָמאָבילען, א דאָקטאָר פילאָזאָפיע, אָדער א רולעטקע-מייסטער אין מאָנטע-קאַרלאָ.

הייסט עס, אַז נור די אומשטענדען פון לעבען האָבען אייך געמאַכט פאר דאָס, פאר וואָס איהר האַלט זיך, און — דייט עס נישט אין דער ווירקליכקייט...

איך האָב אַמאָל אריינגעטראָגען מיין מאַנטעל פערריכטען צו שמואל אינגלע.

— וואָס וויל דער פאַן מאַכען פון דעם לעכערדיגען זאַק?— האָט ער געפרעגט.

— איך וויל, שמואלעק, דו זאָלסט מיר מאַכען פון אים א נייעם מאַנטעל.

— ני, ני, — זאָל דער פאַן קומען אין דריי טעג אַרום.

און די אויגען האָבען איהם געברענט, ווי האָלעוועשקעס, ווען ער האָט געקוקט אויף די לעכער, שפאַלטען און ריסען פון מיין מאַנטעל.

איך קום אין דריי טעג אַרום.

— אָ, ס'האָט זיך אַנ'אומגליק געטראָפען, — זאָגט דער יוד — דער איטשעק, דער לאָבוז, האָט גענומען דעם פאַנ'ס מאַנטעל אויסצוקלאַפען, און ער האָט איהם ערגעץ איבערגעלאָזען.

— און דער, דאָס איז נישט מיין מאַנטעל? — פרעג איך, קוקענדיג מיט ניעריגע אויגען אויף דעם מאַנטעל, וואָס איז געהאַנגען אויפ'ן וואַנט.

— וואָס הייסט: „מיינער"? איז דען אָט דער מאַנטעל עהנליך צום פאַנ'ס צודריפעטען לאַהמאַן? דאָס איז דאָך אינגאַנצען א נייער מאַנטעל.

— נו, יאָ — ענטפער איך נאָכגיביג — עס איז טאַקי נישט עהנליך, גאַר נישט עהנליך.

שמולעק'ס בלייך-געל פנים איז געוואָרען שטראַהלענד-רויט.

— נו, טאָ זאָל דער פאַן וויסען, אַז דאָס איז טאַקי דעם פאַנ'ס מאַנטעל. איך האָב נור געוואָלט זעהן, צי דער פאַן וועט איהם דערקענען.

איך האָב געלויבט די אַרבייט, און ער האָט זיך גע-קוקט מיט יעדען וואָרט, ווי מיט צמוקים-ווײַן.

— דער פאַן זעהט, דאָ האָב איך אַוועקגעלעגט אַ לאַט-קע. און פון וואַנען האָב איך גענומען די לאַטקע? פון דער קע-שענע. נו, און וואָס האָב איך געטהון מיט דער קעשענע? איך האָב אויסגעשניטען אַ שטיקעל פון קאָלנער. און וואָס האָב איך געטהון מיט'ן קאָלנער? אויף איהם האָב איך אַרויפ-גענייען אַ לאַטקע פון דער אַנדערער קעשענע. און וואָס האָב איך געטהון מיט דער אַנדערער קעשענע? איך האָב די פער-נעהט. אין אַ גאַנצען, אַ נייעם מאַנטעל זענען דאָ צוויי קעשענעס, און דער פאַן וועט האָבען איינע. אַ מייסטער, וואָ-אָ-אָ-ס?

זאָגט, וואָס איהר ווילט, אין דער אַרבייט איז געווען בעגייסטערונג, און אין דער שילדערונג — פייער.

ווייל שמואל אינגלע איז געווען אַ לאַטוטניק. ווייל ווען שמואל אינגלע וואָלט געבאָרען ווערען אין די הייסע מדבריות פון סאַהאַראַ, אָדער צווישען די אייז-בערג אין גרענלאַנד, וואָלט ער אויך געווען אַ לאַטוטניק. ווען אינגלע'ס טאַטע וואָלט זיין אַ באַנקיר, וואָלט אינגלע אויך געווען אַ לאַטוטניק: ער וואָלט גע-לאַטעט זיין יחוס, ער וואָלט געלאַטעט זיין נישט-קענען זיך האַלטען צווישען געבאָרענע אַריסטאָקראַטען, ער וואָלט גע-לאַטעט זיין שלעכטע אויסשפּראַך מיט צוגעפוצטע פראַנצוי-זישע ווערטלעך — געלאַטעט וואָלט ער.

ווייל איהם האָבען נישט די אומשטענדען פון לעבען געמאַכט פאַר אַ לאַטוטניק, נאָר ער אַליין איז עס געווען. ווען איינער וואָלט קומען צו שמואל אינגלע און זאָגען איהם: „נעה מיר אויף אַ פראַק-גאַרניטור" — וואָלט ער מיט פעראַכטונג געענטפערט: „איך נעה נישט פון שטיק, איך וויל פון שטיק גישט נעהען, דען איך בין נישט קיין סאַנדעצקי"...

אֶמת, איהר פֿערשטעהט שוין איזט אַ בּסל, וואָס איך מיין.

און אָט האָט איהר נאָך אַ בּיישפּיעל — שוין נישט פֿון לעבּען, נאָר פֿון דער פֿאַנטאַזיע:

שטעלט אייך פֿאָר, אַז דער קאָמפּאָזיטאָר גריעג, פּאַדערעווסקי. רעשקע, אָדער איבּסען — האָט אַ זוהן.

— וואָס ווילסטו זיין? — פֿרעגט דער טאַטע גריעג, רעשקע, אָדער איבּסען זיין זוהן.

— איך וויל זיין אַ קוימענקעהרער.

— קינד, וואָס רעדסטו? — זאָגט דער בּעריהמטער טאַטע.— אַ דאַנק מיין נאָמען, מיין איינפֿלוס און מיין פֿערמעגען, קאָנסטו דיר אויסקלייבּען אַ גאַנץ אַנדערע לאַגע אין דער געזעלשאַפֿט.

— טאַטוניו, אָדער דו וועסט מיר ערלויבּען, צו ווערען אַ קוימענקעהרער, אָדער איך וועל מיך אָנ'שכּור'ן און זיך אריינשיסען אַ קויל אין קאָפּ.

און שטעלט אייך פֿאָר, אַז דער טאַטע האָט ערלויבּט דעם זוהן צו ווערען אַ קוימענקעהרער. בּיי מיר איז קלאָר און זיכער, אַז דער יונגערמאַן וואָלט געוואָרען איינער פֿון די גליקליכסטע מענשען אויף דער וועלט. די גאַנצע אינטעליגענץ, וואָס ער האָט גע'ירש'ענט פֿון פֿאָטער, וואָלט ער אריינלעגען אין דער קונסט פֿון קעהרען קוימענס; ער וואָלט אויסגעקלערט אַ נייעם מין בּעזעם, אַ נייעם מיטעל זיך אראָפּצולאָזען אין קוימען; ער וואָלט אויסגעפֿינען אַ ספּעציעלען שטאָף פֿאַר די קאָסטיומען פֿון די קוימענקעהרער; ער וואָלט איינגעאָרדענט אַ קוימענקעהרער-אָרקעסטער און אַ קוימענקעהרער-קלוב; ער וואָלט געווען דער פֿאָרזיצענדער פֿון קאַסע פֿאַר אַלמנות און יתומים פֿון קוימענקעהרער און וואָלט בּכלל אויפֿגעהויבּען דעם פֿאַך פֿון קוימענקעהרעריי אויפ'ן גאַנצען ערדקוגעל; די קאָלעגען וואָלטען איהם געליעבּט און געשעצט, און די קומענדיגע דורות וואָלטען מיט עהרע און דאַנקבּאַרקייט זיין נאָמען דערמאָהנט.

וואָס וואָלט אָבּער געווען, ווען דער איינציגער יונגערמאַן וואָלט בּעגראָבּען די קוימענקעהרער-אידעאַלען טיעף אין

האַרצען, און אַליין האָלט ער זיך אונטערגעגעבן דעם פאַר-לאַנג פון די עלטערן? אויב ער האָלט געוואָרען אַ קאָמפּאָזיטאָר, האָלט מען איהם מיט האַלבען מויל אונטערגעלויבט צוביס-לעך, ביז עס וואָלט זיך געפונען אַ דרייסטערע נאַטור, וואָס האָלט זיך אַוועקגעשטעלט און איהם אָפען געזאָגט: „אַ קוי-מענקעהרער דאַרפסטו זיין, נישט קיין קאָמפּאָזיטאָר!" ער האָלט זיך די האָר פונ'ם קאָפּ געריסען פון פערצווייפעלטען, הילפ-לאָזען וועהטאָג, אַ דערשלאָגענער, אַנ'אומגליקליכער. און ווי-פיעל וואָלט ער געמוזט אויסשטעהן דורכפאַלען און צרות, ווען ער האָלט נאָר ווערען אַ פינאַנסיסט, אָדער אַ דיפּלאָמאַט — ער וואָלט געווען דריי-פיער-פאַכיג אומגליקליך!...

איצט, מיין לעזער, פערשטעהסטו שוין בעסער, וואָס איך מיין צו זאָגען: גליקליך און נוצליך קאָן זיין נור דער, וואָס איז עפּיס, און נישט דער, וואָס איז עס געוואָרען דורך די אומשטענדען.

שטשעפּאַניק איז אַ מעכאַניקער, בינגאַם איז אַ סקולפּ-טאָר, באָנאַפּאַרט איז געווען אַנ'אָפּיציער, ווירהאָוו איז גע-ווען אַ דאָקטאָר.

איצט פערשטעהט איהר שוין ריכטיג, פאַרוואָס עס רייצט מיך, ווען עמיצער זאָגט, אַז ער איז דאָס אָדער יענץ; ווען אויף דער וויזיט-קאַרטע, אויפ'ן שילדעל פאַר'ן טהיר אָ'ער אין דעם נעקראָלאָג שטעהט אויפגעשריבען: איז אָדער איז געווען דאָס-און-דאָס, נעהמט-אָן אָדער האָט אָנגענומען פון דער-און-דער שעה און נעהמט אָדער האָט גענומען אַזויפיעל-און-אַזויפיעל פאַר דעם-און-דעם.

אויף דער פראַגע:

— וואָס איז אייער בעשעפטיגונג?

ענטפער איך שטענדיג:

— די אומשטענדען האָבען מיך אַריינגעוואָרפען אין דער טאָגע פון אַ פעליעטאָניסט.

און קיינמאָל וועל איך נישט זאָגען:

— איך בין אַ הומאָריסט...

איך ווענד מיך איצט צו די עלטערן:

טאַטעס און מאַמעס! אויב איהר האָט קליינע קינדער, טאָ זעהט, זיך צו דערוויסען, וואָס זיי הילען זיין, זעהט צו ענטוויקלען אין זיי אַ נעוויסע שטרעבונג, אַ נעוויסע ניי־גונג.

טאַטעס און מאַמעס! אויב איהר האָט דערוואַקסענע קינ־דער — שטערט זיי נישט אין זייערע פּלענער.

אויב אייער יאַנעק וועט פון קינדווייז־אויף זיך נישט פערנעהמען מיט היילען פליענען, גאָלד־פישלעך און קעץ; אויב ער וועט נישט צושניידען און עפּענען זיינע הויזלעך און זיינע ביכלעך און זיינע צאַצקעס; אויב ער וועט קיין איינציג מאָל נישט פערסמ'ען זיין יונגערע שוועסטערל מיט שלעכטע שוועמ־לעך, וועלפּישע יאַגאָדעס אָדער אַנ'אַנדער מין סם — שטופּט איהם נישט „אויף מעדיצין״.

אויב אייער וואַצעק האָט נישט פערט־ידינט פון אַ שטראָף זיין הינטעל, זיין שוועסטערל, אָדער די דיענסט, וואָס האָט צו־בראָכען אַ טייערע ירושה־גלאָז פון דער עלטער־באָבען — לאָזט איהם נישט ווערען קיין אַדוואָקאַט, בעזונדער נאָך — אויב ער האָט ליעב צו זאָגען אָמת.

וועט איהר אַזוי נישט טהון — וועט איהר צוגרייטען אומגליקען פאַר זיך און פאַר די קומענדינע דורות!...

# אינהאַלט: